# אינהאלטס פערצייכניס.





# ברית מילה

פון

## ל. ראזענצווייג



ארויסגעגעבען פון ל. ראזענצווייג
171 Henry Street, New York

פרייז 50 סענט.

# הקדמה.

קיין ערענסט וואָרט
געהט ניט פאַרלוירען.

עמערסאָן.

אויב אַ רעליגיעזער איד וועט דורכלעזען דיזען ביכעלע וועט ער זיך זיכער פיהלען געקרענקט.

דאָס איז ניט די אַבזיכט פון שרייבער. ווער עס קען ניט אָבווישען אַ טרער פון מענשליכען אויג דער זאָל וועניגסטען קיין טרער ניט פעראורזאַכען.

יעדע געבורט אָבער איז שמערצליך. דאָס איז אַ קללה פון די געטער.

און דער נייער איד ווערט יעצט געבוירען. אויב דאָס ביכעלע וועט אַיינברענגען כאָטש אַביסעלע ליכט אין דעם פינסטערען בנין פון דער אידישער רעליגיאָן וועט די אַרבייט פון שרייבען עס זיין בעלוינט. אויב ניט, וועלכעס איז וואַהרשיינליכער, וועט די בעלוינונג זיין דאָס בעוואוסטזיין אַז עמערסאָנ'ס ווערטער, ווי אויבען געבראַכט, זיינען אמת.

מאַנכעס פון דיעזען ביכעלע איז שוין געוועזען געדרוקט אין דער "פרייער אַרבייטער שטימע" און איך באַנוץ דיזע געלעגענהייט צו דאַנקען הערצליך דעם רעדאַקטאָר פון דיזער אמת ריינער און שעהן רעדיזשירטער צייטונג, מיין פריינד ש. יאַנאָווסקי, פאַר ערלויבען מיר אויסצודריקען מיינע געדאַנקען אין די שפּאַלטען פון דער צייטונג, זיך ניט קימערענדיג איבער דעם פאַקט אַז ביי דער יעצטיגער נאַציאָנאַלער שטרעמונג קענען מיינע געדאַנקען ניט זיין זעהר פּאָפּולער.

איך האָב בדעה געהאַט צו מאַכען דיזעז בוך איבער ״ברית־מילה מיט׳ן שייכות צום פאַלוס־קולט״. דער לעצטער ענין איז אָבער אזוי גרויס און אינטערעסאַנט אז איך האָב באשלאָסען עס צו דרוקען באזונדער.

ל. ר.

מארטש, 1916.

---

# דער קרבן.

די מורא פאַר די לעבעדיגע איז דער
שורש פון פּאָליטישער הערשאַפט,
די מורא פאַר די טויטע איז דער
שורש פון רעליגיעזער הערשאַפט.
ספּענסער.

וקבל עבודתי במצוה זו כאלו הקרבתי
קרבן על גבי מזבחך.....

דאָס מוז דער מוהל זאָגען, לויט דעם דין, מיט גרויס "כוונת הלב", ד. ה. מיט'ן גאַנצען הארצען.

און וואָס מיינט עס?

דער מענש אין זיין קינדערישען צושטאַנד, אין אַלע טיילען פון דער וועלט, האָט אין זיין אונוויסענהייט און מורא, זיך געווענ־דעט צו דער אָהן־רחמנות'דיגער נאַטור, מיט תפלות און תחנונים, ווען דאָס האָט ניט געהאָלפען האָט ער פּרובירט מיט מתנות, און דיזע מתנות זיינען מיט דער צייט געוואָרען קרבנות. (ע. ע. דזשע־סעל אין זיין בוך איבער "דער אונבעקאַנטער געשיכטע פון די אידען" דענקט אַנדערש).

און היינט ווערען קרבנות באַטראַכט אַלס דער העסליכסטער, שענדליכסטער סאָרט געצענדיענסט. עס איז אַ בעליידיגונג פאַר גאָט און מענש.

ווען אידען זיינען געווען אין ארץ ישראל האָבען זיי געבראַכט קרבנות ניט נור פאַר זייער גאָט, נור פאַר אַלע געטער מיט וועלכע זיי זיינען געקומען אין באַריהרונג. און נור אַ דאַנק די אידישע נביאים, די מייסטע פון וועלכע זיינען געווען אמת גרויסע מענשען, זיינען די אידען ניט פאַרזונקען געוואָרען אין העסליכען געצענ־דיענסט.

צווישען די העסליכסטע עבודות זרות איז קרבנות ברענגען צו די געטער געווען די מיינסט־פאַרשפּרייטע און די העסליכסטע.

ווען די אידען זיינען פארטריבען געוואָרען פון ארץ ישראל האָבען זיי אויפגעהערט ברענגען קרבנות צו גאָט, און כאָטש מאנכע לייקענען עס, שיינט צו זיין די אורזאַך דערפון דער פאקט וואָס די סעמיטישע ראסע האָט געגלויבט אין לאָקאַלע געטער, און אַ קרבן צו אַ גאָט האָט מען געבראַכט נור אויף דעם שטיקעל ערד אויף וועלכען דער באטרעפענדער גאָט האָט געוועלטיגט, אַלס באַוויז דערצו קען מען ברענגען דעם "ומפני חטאינו" וכו'. און די תורה האָט אין זיך עטליכע באווייזע פאַר דיזער באהויפטונג.

דער מוהל אָבער פון צוואַנציגסטען יאהר־הונדערט זעהט נאָך ניט דאָס העסליכקייט פון קרבנות און ער טענה'ט צו דעם וואָס, נאָך זיין איבערצייגונג, האָט די וועלט אין איהר גאַנצער פּראַכט באשאפען, אָט וואָס "זאָלסט גאָט אָננעהמען מיין ארבייט (דאָס אָבשניידען) גלייך ווי איך וואָלט דיר געבראַכט אַ קרבן אויף דיין מזבח".

ווען מען באַטראַכט דעם "קרבן" און מען האָט אין זינען אַז דאָס ווערט אָנגעבאָטען דעם באַשעפער פון הימעל און ערד, דעם באַשעפער פון דער זון, לבנה און שטערן אונצעליגע, דעם באַשעפער פון שכל, מוז מען זיך ניט ווילענדיג פרעגען, איז דער מוהל אויך איינער פון יענעם פאָלק וועלכעס רופט זיך "עם חכם ונבון?"

באַטראַכט דעם "קרבן" און פרעגט:

איז דאָס אַ פּאַסענדער קרבן פאַר אַ גאָט פון צוואַנצינסטען יאהר־הונדערט?

איז דאָס אַ פּאַסענדער קרבן פאַר אַ מענש אין צוואַנצינסטען יאהר־הונדערט?

.2

## פאַרוואָס אנטלויפט דער יונגער דור פון אַלטען?

די עקשנות מיט וועלכע די אידען האָבען אויפגעהאַלטען זייערע זאָנ־דערבאַרע רעליגיעזע מנהגים און אונסאָציאַלע זיטען, האָט זיי בע־צייכענט אַלס אַ בעזונדער מין מענשען, האַסענדיג אַלע איבריגע.

ע. ד. גיבאָן

רוימישע געשיכטע.

א מענש מיט שכל דערקענען מיר דורך דריי זאכען. דורך שווייגען, דורך רעדען, דורך האנדלען.

שווייגען איז ניט קיין זיכערער בעווייז פון שכל.

ס'האָט שוין פאסירט אז מען האָט איינעם געהאַלטען פאר א חכם ווייל ער האָט תמיד געשוויגען, און ווען ער שטארבט שוויי־גענדיג וואָלט ער אפשר געשטאָרבען א חכם, האָט ער אָבער פאר'ן טויט אָנגעהויבען ריידען, האָט מען אין איהם דערקענט דעם נאַר.

ריידען איז שוין א בעסערער צייכען פון א מענש מיט שכל, אָבער אויך ניט קיין זיכערער, ווייל דאָ שפּיעלט אויך א ראָלע דער צוהערער.

טהאטען, אָבער, זיינען א זיכערער בעווייז פאר דעם גייסטיגען צושטאנד פון מענשען.

א מענש מיט שכל ווען ער טהוט עפּעס, פרעגט ער זיך א פריי־הער צוואוואָס איז די טהאַט נויטיג! וועלכען נוצען ברענגט זי!

און אויב, אויסגעהענדיג פון דיזען שטאנדפונקט, מיר פרעגען, איז דער איד אַן אינטעליגענטער מענש?

מוז אונזער ענטפער זיין א פראגע:

גיט דער איד זיך אָב חשבון אויף אַלעם וואָס ער טהוט?

איז דער ענטפער, אַלס מענש יע, אַלס איד ניט!

מיינט דאָס אז דער איד איז א נאַר?

ניין ! דער איד איז ניט קיין נאטירליכער נאר. דאס מיינט, דער איד מעג ניט זיין געבילדעט, אבער קיין נאר איז ער ניט, ער איז נאטירליך אינטעליגענט.

און קיין וואונדער איז עס ניט !

האט ער דאך אזוי פיעל ערפאהרונג !

קען עס מעגליך זיין אז דער איד, סיי אלס יחיד סיי אלס נאציאן האט אין די אלע יאהרטויזענדע פון ליידען גארניט גע־לערנט ?

פון ליידען !

פון וואס דען לערנט מען אויב ניט פון ליידען !

דער איד האט געליטען און געלערנט.

רעליגיעז אבער, איז ער נאריש.

זיין רעליגיאן איז אזוי אלט ווי די עגיפטישע פיראמידען, און אפשר עלטער !

ער אליין איז א מענש פון צוואנציגסטען יאהרהונדערט.

די פיער אדער מעהר טויזענד יעהריגע פיראמידען זיינען היינט נאריש אפילו פאר טויטע הערשער.

א פיער טויזענד יעהריגע רעליגיאן קען ניט זיין שכל'דיג פאר'ן היינטיגען מענש.

דער אלטער דור וועלכער לעבט אין א רעליגיאן פון דער צייט פון די פיראמידען, קען ניט צוציהען צו זיך דעם יונגען דור וועלכער לעבט און ווירקט אונטער דעם ליכט פון דער זון פון צוואנציגסטען יאהרהונדערט.

דער איד פון אלטען דור טהוט זאכען אהנע זיך צו פרעגען פארוואס און צואוואס !

יעדע רעליגיעזע טהאט זיינע איז א נארישע ווייל ער פרעגט ניט פארוואס און צואוואס זי איז נויטיג.

די נארישסטע פון אלע איז דאס מל זיין.

דער יונגער דור פרעגט און זוכט אז ענטפער אין דער פרעמד.

דאס מל זיין איז ענטשטאנדען אונטער דעם שאטען פון די פיראמידען. דעם שטויב פון וועמעס ציעגעל און שטיינער דער ווינד האט שוין לאנג צושפרייט איבער אלע ימים.

און דער איד וועלכער האָט דיזע ימים שוין אזוי פיעל מאָל דורכגעקרייצט, האַלט זיך נאָך אַלץ מיט דיזען אַלט־עגיפּטישען, העסליכען מנהג.

איז עס אַ וואונדער וואָס דער יונגער דור אַנטלויפט פון איהם?

דער יונגער דור פרעגט, און זיין ענטפער געפינט ער אין דער פרעמד! דער אַלטער דור קען ניט ענטפערען! געהט דער יונגער־דור צו פרעמדע נאָך אַן ענטפער.

.3

## וואָס ווילען מיר?

ס'איז פאַראַן געננוג שכר בלויז
אין וויסען אַז מען טהוט אַ נאָ־
בעלע זאַך.

ס י ס ע ר א.

זאָל דער גלויביגער איד זיך פרעגען, פאַרוואָס ווילען איהם אידישע פריידענקער אָבריידען פון זיינע אַלטע מנהגים?

דריי ענטפערס קען ער האָבען צו דיזער פראַגע.

1) אויס פראָפיט, ד. ה. זיי פאַרדיענען עפּעס דערביי.

2) אויס שלעכטיגקייט, אפּיקורסות, אָדער להכעיס

3) אויס ליעבע צום אידען.

וועלכער ענטפער איז דער ריכטיגער?

ברענגט אפּיקורסות נוצען דעם אפּיקורס?

קיינמאָל ניט.

צווישען אַלע רעפאָרמירער איז דער אפּיקורס דער אונגליקליכסטער.

מיר ווילען דעם אידען צוליעב טהון און זאָגען אַז אברהם אבינו איז געווען דער ערשטער גרויסער אפּיקורס פון בבל.

ווייל אויב אַ הונדערט חלק דערפון וואָס די לעגענדען דערצעהלען פון איהם זאָל זיין אמת איז ער זיכער געווען דער ערשטער און גרעסטער רעליגיאָן'ס רעפאָרמער אין בבל.

ווי נישטיג איז דער אפיקורס פון היינט אין פארגלייך מיט אברהם אבינו?

דער אפיקורס פון היינט האט בלויז איין גאט געגען וועמען צו קעמפפען.

אברהם אבער האט געמוזט קעמפפען געגען פיעלע געטער.

און וואס איז געוועזן זיין לוין?

ער האט געמוזט פארלאזען זיין היים, אוועק צווישען פרעמדע, וואו קיינער האט איהם ניט געקענט און ניט פארשטאנען, איהם זיין געליעבטע פרוי אוועקגערויבט. דער נייער גאט האט איהם ניט געקענט העלפען, די אלטע האבען איהם ניט געוואלט העלפען, און אברהם איז געוועזן הילפלאז.

דאס איז דער לוין פון אפיקורס.

און מעגליך אז די ערשטע אפיקורסים זיינען געוועזן די מענ־שען פון דור הפלגה.

און וואס איז געוועזן זייער לוין?

א שרעקליכע קללה!

ניט געהען העכער!

די ארגסטע שטראף וואס מען קען א מענשען געבען.

ניט פארשטעהן איינער דעם צווייטען!

א קללה פון וועלכער מיר ליידען נאך היינט.

און אונזער מוטער חוה, ווי שרעקליך האט זי געליטען פאר איהר אפיקורסות?

אזוי בעשטראפען קען נור א גאט.

צו ליידען שמערצען און צו וויסען אז איהרע קינדער וועלען ליידען.

דאס איז דער לוין פון אפיקורס!

קרח איז געוועזן אן אפיקורס.

און וואס איז געוועזן זיין לוין?

ער איז געוועזן אן עושר, און האט געקענט לעבען אין צופריע־דענהייט, ער איז אבער געוועזן אן אפיקורס, האט די ערד איהם צוגערעקט א לעבעדיגען.

דאס איז דער לוין פון אן אפיקורס.

ווען אהרן וואָלט געווען אַן אפיקורס וואָלט ער צו אזא גדולה ניט געקומען.

ווען די אידען זיינען צו איהם געקומען און פון איהם געפאָדערט אַ נייעם גאָט, האָט ער זיי געגעבען.

און ס'איז זעלבסט־פארשטענדליך, אז ביי אַ גאָט פון גאָלד, מיט שכל פון אַ קאַלב, קען מען קיינמאָל ניט דערלעגען.

און אהרן האָט זיינס ניט צוגעלעגט.

ער איז קיין אפיקורס ניט געווען!

ער, דער ברודער פון דעם וואָס האָט גערעדט מיט דעם לעבעדיגען גאָט פנים אל פנים.

ער, דער כהן־גדול פון איינציגען גאָט, צייגענדיג די אידען דאָס קאַלב פון גאָלד, שרייט אויס: "אלה אלהיך ישראל".

אהרן איז געווען אַ פייגלינג!

ס'איז לייכטער צו דיענען צוויי געטער איידער קעמפפען געגען איינעם.

דריי טויזענד אידען ווערען גע'הרג'ט דורך דעם געטליכען קאַלב וואָס אהרן האָט געמאַכט. אהרן ווערט כהן־גדול. ס'איז זיין לוין.

אהרן איז קיין אפיקורס ניט געווען!

איז די אפיקורסים ביי די אומות־העולם געגאַנגען בעסער?

די אַלטע גריכען זיינען געווען די ערטשע אייראָפּעאישע פילאָזאָפען, און נאַטירליך האָבען זיי געהאַט די ערשטע אייראָפּעאישע צווייפלער.

פינף הונדערט יאָהר פאַר קריסטוס'ען האָט אין גריכענלאַנד געלעבט אַ פילאָזאָף אַנאַקסאַגאַראַס, אפשר דער ערשטער אפיקורס אין דער געשיכטע פון אייראָפּעאישען געדאַנק ענטוויקלונג.

ער האָט אַ אויף אַ ריין־נאַטירליכען אופן פּרובירט ערקלערען ליקוי־חמה און ליקוי־לבנה, פאַלענדע שטערן אָדער מעטעאָרען, דעם רעגענבויגען א. ז. וו.

די זון האָט ער ערקלערט איז אַ שטיק צושמאָלצענע מעטאַל און כמעט אזוי גרויס ווי אַ חלק פון גריכענלאַנד. (די זון איז פון די גריכען פערגעטערט געוואָרען). ער האָט געלייקענט אין די גריכישע געטער. די אונוויסענדע מאסע האָט איהם ערקלערט פאַר

אַן אפּיקורס. ער האָט געמוזט אַנטלויפן פון אַטהען כּדי צו ראַטעווען זיין לעבן.

ער איז געשטאָרבן אין דער פרעמד.

דאָס איז דער לוין פון אַפּיקורס!

אַרום יענער צייט האָט געלעבט אַ גריכישע שענהייט מיט'ן נאָמען אַספּאַסיאַ, זי איז געווען די לערערין פון דעם גריכישן גאון סאָקראַט און די ערטשע אַגיטאַטאָרין פאַר גלייכע רעכטע פאַר פרויען.

און כאָטש מען קען אויף איהר ניט זאָגען אַז זי איז געווען אַ גרויסע צנועה, דאָך האָט איהר דאָס ניט געשאַדט בעריהמט צו ווערען.

קוים אָבער האָט זי אַרויסגעזאָגט אַפּיקורס'ישע געדאַנקען, האָבען די טרערען פון פּעריקל, איהר קוים געראַטעוועט פון טוידט.

סאָקראַט האָט געמוזט טרינקען דעם בעכער מיט גיפט ווייל ער האָט אָבגעלאַכט פון גריכענלאַנד'ס שענדליכע געטער.

אַריסטאָטעל איז געווען באַשולדיגט אין ניט־פרומקייט אויף אַ לעכערליכער, פאַלשער קלאַגע, אָבער געדענקענדיג דעם טוידט פון זיין רבי'ס רבי איז ער אַנטלאָפען פון זיין שעהנער היים און געשטאָרבען אין דער פרעמד. און די וועלט ווייסט ביז היינט ניט וואו עס רוהען די ביינער פון דעם גאון איבער אַלע גאונים.

פּראָטאַגאָראַס, דער ערשטער סיסטעמאַטישער בעל הדקדוק, לאַנג פאַר אַריסטאָטל'ען האָט אין גריכענלאַנד אָבגעלעבט זיעבציג יאָהר אין גרויס כּבוד.

אויף דער עלטער איז ער באַשולדיגט געוואָרען אין אַפּיקורסות און האָט געמוזט אַנטלויפען כּדי צו ראַטעווען זיין לעבען, און איז אויפ'ן וועג קיין סיציליען דערטרונקען געוואָרען.

ווען ער איז גוט און פרום דאַרף ער זיין היים ניט פאַרלאָזען אויף דער עלטער.

דאָס איז דער לוין פון אַפּיקורס.

דיאַגאָראַס האָט געלעבט אין צווייטען העלפט פון פינפטען יאָהרהונדערט פאַר קריסטוס'ען, איהם האָט מען גערופען "דער אַטהעאיסט".

אין דער יוגענד איז ער געווען זעהר רעליגיעז, אויף דער עלטער אָבער האָט ער איינגעזעהען די נישטיגקייט פון די געטער און האָט געהאַט דעם מוטה עס אַרויסצוזאָגען. ער איז פאַר'משפט געוואָרען צום טוידט, און ווען ער איז אַנטלאָפען האָט די רע־גיערונג אויסגעזעצט אַ פּרייז אויף זיין קאָפּ.

ער איז געשטאָרבען אין דער פרעמד.

דער גריכישער פילאָזאָף עפּיקור, פון וועמען עס נעהמט זיך דער נאָמען "אפּיקורס" איז אַ גליקליכע אויסנאַהם· ער איז ניט געשטאָרבען אין דער פרעמד, ניט אָרעם און ניט פאַרהאַסט. מעגליך אַז דאָס איז דורך זיין איבערנאַטירליכע גוטסקייט אַלס מענש. ער איז געווען עדעל און גוט אַפילו צו זיינע שקלאַווען און שטרענג מאָראַליש.

אָט איז אַ שטיק תורה פון דיזען פאָטער פון אפּיקורסות.

"מיר קענען ניט לעבען אין פערגעניגען סיידען מיר לעבען קלוג, איידעל און גערעכט".

און דער מענש לעבט צוליעב פערגעניגען.

וועלכער גלויביגער קען זאָגען מעהר!

און האָבען אידען געהאַט וועניג אַזעלכע מאַרטירער!

די אידען באַטראַכטען ירבעם בן נבט פאַר אַ גרויסען אפּיקורס, און דאָס איז פאַלש.

אמת, ער האָט געטהון דאָס זעלבע וואָס אהרן הכהן, ניט מעהר. אַנשטאַט איין גאָלדען קאַלב האָט ירבעם געמאַכט צוויי· און פּונקט ווי אהרן האָט ער אויסגערופען: "אלה אלהיך ישראל אשר העלוך מארץ מצרים!"

וואָס אהרן'ס אבזיכט איז געווען מיט'ן גאָלדענעם קאַלב ווייסען מיר ניט; מעגליך ס'איז בלויז געווען אַן אַקט פון אַ פייגען שוואַכען כאַראַקטער. ירבעם אָבער איז זיכער ניט געווען קיין אפּיקורס נור בלויז אַ קליינליך העסליכער פּאָליטיקער פון נידריגסטען סאָרט.

דאָך, דאָס פאָלק האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ שרעקליכען אפּיקורס, אַ "חוטא ומחטיא את הרבים" און אָט איז די קללה וואָס האָט אויף איהם גערוהעט "המת לירבעם בעיר יאכלו הכלבים והמת בשדה יאכלו עוף השמים".

דיזע קללה איז ניט פאַר'ן פּאָליטיקער נור פאַר'ן אפּיקורס.

יעדער איד איז בעקאַנט מיט אלישע בן אבויה! איז איהם געווען וואָס מקנא צו זיין!

וויפיעל פרומע אידען פאַר איהם און נאָך איהם באַזיצען אַזוי פיעל בילדונג ווי דיזער ערשטער גרויסער אידישער אפּיקורס?

די וועלט געשיכטע רופט איהם דער דאָקטאָר פאוסט פון תלמוד.

זיין אייגען פאָלק רופט איהם "אחר".

דאָס איז דער לוין פון אפּיקורס!

וועלכער איד איז ניט בעקאַנט מיט רבינו משה בן מיימון?

האָבען דאָך די אידען געהאַט בלויז איין רמב"ם!

און ווי אַזוי האָט דאָס אידישע פאָלק בעהאַנדעלט דיזען אמת גרויסען איד און נאָך גרעסערען מענש?

די וועלט־געשיכטע האַלט איהם אַזוי גרויס ווי משה־רבינו.

און פרומע אידען האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַן אפּיקורס און האָבען אויף זיין מצבה געלאַזט אויסקריצען "דאָ ליעגט בע־גראָבען דער אפּיקורס וואָס האָט פאַרדיענט אַ חרם".

וויפיעל מענעשן ווי אוריאל אקאָסטא האָט די וועלט?

ער האָט געבענקט נאָך דעם יודענטום וואָס איז פאַרקערפּערט אין די אידישע נביאים, אַ ריינע, פרייע רעליגיאָן, און וואָס פאַר אַ אידישקייט האָט ער געטראָפען ביי די אידען פון זיין צייט?

אַ פינסטערע, נאַרישע, קליינליכע רעליגיאָן, אַן ערנידערונג פאַר גאָט און מענש.

ניט גאָט האָט דיזער מאַרטירער געלייקענט, נור די אידישע רעליגיאָן האָט ער געלייקענט. אַ וועלטענשעפּפער, האָט אקאָסטא געזאָגט, קען ניט זיין אַזוי קליין און קאַפּריזנע נאַריש און פער־לאַנגען פון מענשען מיט שכל אַזעלכע קליינליכע דומהייטען ווי די פאַנאַטישע אידען גלויבען אַז זייער רעליגיאָן פערלאַנגט פון זיי.

די וועלט־געשיכטע רופט איהם אַ מוטהיגער דענקער, אַ זעל־טען פעהיגער אינטעלעקט.

אידישע פריידענקער רופען איהם היילינער מאַרטירער.

די אידען פון זיין צייט האָבען איהם גערופען אפּיקורס און איהם טרעטענדיג אונטער זייערע פיס, האָבען זיי איהם געשפּיגען אין פּנים אריין. דאָס איז דער לוין פון אפּיקורס!

זאָלען מיר דאָ נאָך דערמאָנען ספּינאָזא!

וואָס קען אונזער אָרעמע פּעדער צוזעצען צו דעם וואָס די וועלט דענקט איבער דיזען גייסטיגען ריעז!

די וועלט־געשיכטע האַלט זיין פילאָזאָפיע פאר אַן עפּאָכע־מאַכענדע ערשיינונג.

איינער פון זיין פאָלק האָט איהם געוואָלט דורכלעכערען זיין ערעלע האַרץ פון גאָט'ס כבוד וועגען.

דער גרויסער לייבניץ איז געוואָרען גרויס פון דעם מאָמענט וואָס ער האָט זיך דערנעהנטערט צו ספּינאָזא'ן.

זיין אייגען פאָלק האָט זיך פון איהם דערוויטערט און איהם אויסגעמידען, ווי מען מיידט אויס אַ קרעציגען.

דאָס מויל פון שפּינאָזא וועלכעס האָט צום ערשטען מאָל אַרויסגעזאָגט דעם גרויסען אמת פון "דער ערהאַלטונג דער קראַפט" אַן אמת וועלכער איז ערשט אין זיין גאַנצער גרויסקייט בעוויזען געוואָרען אין נייְנצעהנטען יאהרהונדערט. אָט דיזעס מויל איז פון די אידען פארשלאָסען געוואָרען דורך אַ חרם.

די וועלט־געשיכטע רופט איהם אָן מיט ליעבע און רעספּעקט "גרויסער פילאָזאָף".

זיין פאָלק רופט איהם מיט פעראַכטונג "גרויסער אפּיקורס".

נאָך אַ לאַנגע ליסטע פון אידישע פריידענקער קען געבראַכט ווערען און ביי אַלע איז צו זעהען אַז מעהר ווי ליידען און שמערצען האָבען זיי פון זייער אפּיקורסות ניט געהאַט.

די פּערפאַסער פון איוב און קהלת האָבען געהאַט אָדער מזל אָדער שכל ניט צו לאָזען וויסען ווער זיי זיינען, ווייל ווען די אידען וויסען ווער דיזע צוויי צווייפלער זיינען געווען, וואָלט געווען וועה צו זיי.

אַלזאָ, פון די עטליכע ביישפּיעלע איז צו זעהען אַז דער אפּיקורס איז דאָס וואָס ער איז ניט ווייל ער ערוואַרטעט עפּעס דערביי צו פאַרדיענען, נור פאַרקעהרט ער ערוואַרטעט און איז בערייט עפּעס צו פאַרליערען.

און נור א דאנק דיזע צווייפלער פון אלע רעליגיאנען איז גע־לונגען דער רעליגיאן זיך צו דערהויבען צו דער שטופע ביי וועלכער זי שטעהט היינט.

דערפאר זאגען מיר צום גלויבינגען אידען, איהר דארפט ניט זיין איינשטימיג מיט יעדען אפיקורס. איהר מעגט איהם אבער פארשטעהן.

נערענקט ! גלויבען קען יעדער נאר !
צווייפלען ! דערצו איז נויטיג שכל !

4.

## איז דער אפיקורס א להכעיס׳ניק ?

דעם להכעיס אפיקורס,
פרעמד זיינען אלע תורות,
דאך להכעיס ווער ס׳איז פרום,
איז א חוץ דעם שלעכט און דום.
ל. ר.

מיר ווילען דא גלייך זאגען אז דער וואס טהוט יענעם אויף להכעיס אין סיי וועלכער זאך אין לעבען איז א קליינער נפש צו וועלכען, מעהר ווי פאראכטונג קען קיין מענש ניט פיהלען.

און אויב ס׳איז מעגליך א נפש נאך קלענער פון דעם אויבען־דערמאנטען, איז עס איינער וועלכער איז א להכעיס׳ניק אין רע־ליגיעזע זאכען.

מיט להכעיס האט מען נאך קיינעם ניט בעוויזען אז ער האט ניט רעכט.

אלזא להכעיס איז ניט די וואפע פון אפיקורס.

די צרה איז אבער מיט׳ן גלויבינגען וועלכער מיינט אז ווען איינער דענקט, רעדט אדער האנדעלט אנדערש ווי ער אין רעלי־גיעזע אנגעלעגענהייטען טהוט ער דאס איהם אויף להכעיס.

טאלעראנץ איז ניט נור א רעכט נור אויך א פליכט.

מיר גיבען דא איבער א בריעף וועלכען אן אמעריקאנער רעווערענד פון פלינסק האט אריינגעשיקט איז א אידישער צייטונג געדרוקט ניט אין פלינסק נור אין דער וועלט־שטאדט נויארק. אט האט איהר פלינסקער טאלעראנץ :

ווערטהער הערר רעדאקטאָר!

ערלויבט מיר אויסצודריקען מיין בעסטען דאנק צו אייער ווערטהע צייטונג וואָס האָט די לעצטע צייט געעפענט איהרע קאָלומס צו בעהאנדלען אידישע רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען. א זאך וואָס וועט, נאָך מיין מיינונג, שאפען פיעלע נוצען צו ברייגגען אָרדנונג אין דער אידיש־רעליגיעזע וועלט. איהר פערדיענט אויך א בעזונדערען דאנק פיר אייער עדיטאָריעל פון "א מוטהיגער רב אין מאָנטרעאל" און ערלויבט מיר אויסצודריקען מיין מיינונג וועגען דעם בראַווען רב.

זיין בעפעהל צו די מוהלים אז זיי זאָלען ניט מל זיין דעם קינד זונטאג איז געווען ריכטיג עפ"י דין. "כדי שלא יהנה ממעשיו הרעים". אזוי ווי מיר געפינען פיעלע אידישע דינים וואָס זיינען געמאכט מיט דער זעלבער כונה. צום ביישפיעל: המבשל בשבת אסור לו (ש"ע ס"י שי"ח). וגם רשות ביד החכמים לעקור מצות עשה בשב ואל תעשה, משום מגדר מלתא. ובפרט ווען דער בעל ברית, דער עם הארץ איז עוקר די מצות עשה פון "ביום השמיני" צוליעב די זאָנטאג פּארטי. דאן דארפען געוויס די רבנים גוזר זיין אז אזעלכע ברית'ן מוזען געמאכט ווערען דוקא אם מאָנטאג, כדי די פרצה זאָל ניט גרעסער ווערען, ובפרט אז זיי טהוען מיט דער גזירה קיין איסור. ווייל די מצות עשה פון "ביום השמיני" איז שוין סיי ווי סיי נעקר דורכ'ן פאָטער.

נור ליידער אין איין פאל האָב איך אליין מתיר געווען אָבצולעגען א ברית מילה".

דער פון איז צו זעהען אז דער להכעיס נעפיהל איז פאראן ניט נור ביי מאנכע ניט־דערבאקענע אפיקורסים, נור אויך ביי רעליגיעזע פאָרשטעהער. ווייל דיזער בריעף וועמעס צווייטע העלפט מיר ווילען איבערגעבען שפּעטער איז אונטערגעשריבען פון א רב'על פון אונזער געבענשטער מדינה און, מן הסתם אן אלטער פלינסקער בעל־עגלה לויט זיין שפראך.

באמערקט ווי פרעך דאָס רב'על שרייבט!

ער ווייסט שוין אויך זיכער אז דער בעשעפער פון הימעל און ערד וויל מעז זאָל שניידען.

ער ווייסט פונקט אזוי זיכער אז דער וועלטען־שעפפער וויל אז מען זאָל שניידען פונקט צו די אַכט טאָג, אויב ניט וויל ער ניט.

ער ווייסט אויך פונקט אזוי זיכער אז דער בעשעפער פון הימעל און ערד וויל אַז דער פלינסקער נפ״ש זאָל זיך אָנגנעהמען זיין קריוודע.

ער אַליין האָט ״דוקא״ יא אַמאָל געהייסען אָבלייגען אַ ברית מילה. נאַטירליך אַז דער פלינסקער האָט געהייסען אָבלייגען האָט גאָט, דער פיהרער פון דער וועלט, געמוזט צופריעדען זיין, וואָס דען, גאָט וועט טהוען להכעיס דעם פלינסקער רב׳על?

אַלזאָ, ווער טהוט להכעיס?

קען מען זאָגען אַז דער רב׳ל איז אַן אפיקורס? חלילה־וחס, דערצו פעהלט איהם שכל און מוטה. אָבער אַ גראָביאַן אַ גרויסער איז ער.

און נור אַ גראָביאַן קען יענעם טהון להכעיס.

באמערקט די הוצפה פון דיזען נפש.

דעם טאַטען פון קינד וואָס האָט אָבגעלייגט דעם ברית רופט ער ״עם הארץ״.

און ער פארגעסט אַז דאָס פאָלק בעשטעהט פון לויטער עם־הארצים און דערפאַר קען נאָך אַזאַ פלינסקער עסען ברויט אָן ארבייט.

וואָס וואָלטען אַזעלכע פלינסקער און זייער גלייכען געטהון; ווען דאָס פאָלק זאָל בעשטעהן פון לויטער אויפגעקלערטע מענשען?

הערט וואָס דער פלינסקער הייליגער קאָזאַק זאָגט: ״דאַן דארפען געוויס די רבנים גוזר זיין אַז אַזעלכע ברית׳ן מוזען געמאַכט ווערען ״ד ו ק א״ אם מאָנטאַג״. איהר הערט ״ד ו ק א א ם מ אָ נ ט א ג״. דאָס רעדט די געטליכקייט פון איהם.

אַלזאָ דעם עם־הארץ דאַרף מען טהון להכעיס. להכעיס טהוט נור אַ שלעכטער מענש.

און אויב דיזער שלעכטער מענש איז אַ פריידענקער אָדער גלויבט צו זיין אַ פריידענקער, טהוט ער אויף להכעיס יענעם.

און אויב דיזער שלעכטער מענש איז רעליגיעז טהוט ער אויך יענעם אויף להכעיס.

זיכער איז אָבער אַז אַ פריידענקער טהוט קיינעם ניט להכעיס. ווען אַזעלכע זיינען יא פאַראַן, זיינען זיי ניט קיין פריידענקער.

נור מענשען, וועלכע זיינען פריי פון דענקען.

אונזער מאָטאָ מוז זיין די מאָטאָ פון נביא, "כל איש ילך בשם ד' אלהיו, ואנחנו נלך בשם ד' אלהינו".

אונזער ארבייט איז אויפקלערען!

.5

## איז איינער אַ פריידענקער אוים ליעבע צום אידען?

די אָפענע פיינדשאַפט מהות
וועניגער שאָדען ווי די שיינ־
באַרע גוטסקייט פון פריינד.
ק אַ ט אָ.

איז איינער א פריידענקער אוים ליעבע צום אידען?

מיר נעהמען זיך ניט אונטער צו זאָגען מיט זיכערהייט וואָס פאר א געפיהל דאָס איז וואָס מאכט דעם פריידענקער ריידען צום גלויביגען אידען, וויסענדיג אז איהם ערווארטעט ניט קיין לוין דערפאר.

ווען איהר זעהט ווי א קינד שפּיעלט זיך אויפ'ן פרייען פעלד, ווי ער מאכט קיכלאך פון ליים, טרוקענט זיי אויף דער זון און ניט נור גלויבט ער אז באלד וועט ער עסען אמת'ע האָניג־קיכלאך אין וועלכע זיינע ליים־קיכלאך וועלען זיך פערוואנדלען, און ניט נור פרעהט ער זיך מיט זיינע צוקונפטס־קיכלאך פון צוקער און האָניג, נור ער בעריהמט זיך פאר אנדערע קינדער וועלכע שפּיעלען זיך לעבען איהם פונקט ווי ער אליין, מיט עהנליכע ליים־קיכלאך. ער בעריהמט זיך, ווי די טבע פון א קינד איז, אז באלד וועלען זיינע האָניג־קיכלאך זיין פארטיג און בלויז זיינע קיכלאך וועלען זיך פערוואנדלען אין האָניג־קיכלאך און אז זייערע זיינען און וועלען בלייבען ליימענע קיכלאך א. ז. וו.

מיט וואס פאר א געפיהל וואָלט איהר אזא קינד בעטראכט?

ווי וועט איהר רופען דאָס געפיהל וועלכעס צווינגט אייך דעם בעריהמערישען קינד אויפצוקלערען אז ער מאכט זיך נאריש, אז ליים איז ליים ביי וועמען אין די הענד עס זאָל זיך ניט געפינען, און אז זיינע ליים־קיכלאך זיינען ניט, און קענען ניט זיין, בעסער פון די ליים־קיכלאך פון אלע איבריגע קינדער!

היינט שטעלט זיך פאר אז איהר טרעפט דאס קינד מיט יאהרען שפעטער שוין א דערוואקסענער מענש, און ער שפיעלט זיך נאך אליין מיט ליים־קיכלאך, גלויבט נאך אלין אז זיי וועלען זיך פער־וואנדלען אין האניג־קיכלאך, און באריהמט זיך נאך אלין אז אזעלכע האניג־קיכלאך ווי זיינע טרעפט מען ניט ביי קיין איינעם פון יענע וועלכע שפיעלען זיך נאך ארום מיט ליים־קיכלאך ארום איהם, מיט וועלכען געפיהל וועט איהר אזא דערוואקסענעם קינד בעטראכטען ?

אויב איהר האט א בעגריף פון דיזען געפיהל, רופט עס ווי איהר ווילט, דאס אבער איז דער געפיהל וואס צווינגט דעם אידישען פריידענקער צו ריידען צו זיין גלויביגען ברודער.

אפשר איז דאס ניט קיין געפיהל פון ליעבע, זיכער אבער איז עס ניט קיין להכעיס געפיהל !

עס שמערצט צו זעהען דעם איד, א מענש מיט שכל אין יעדער אנגעלעגענהייט פון לעבען, ווי ער ווערט אזא שרעקליך פארשטאקטער נאר ווען עס קומט צו רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען.

דער שרייבער פון דיזע ציילען פרעטענדירט ניט צו האבען א ספעציעלע ליעבע צום אידען, פונקט ווי ער האט ניט קיין ספע־ציעלע ליעבע פאר'ן קריסט, אבער דעם מענש און אידען ליעבט ער יא, אפשר ניט מעהר ווי דעם מענש אין קריסט, זיכער ניט וועניגער, און וואלט מיט פרייד אוועקגעגעבען זיין לעבען צו העל־פען ביידע, דעם איד און דעם קריסט, פיהרען א גליקליכען, קלוגען לעבען, א לעבען אהן קייטען, אהן עקאנאמישע און אהן גייסטיגע.

און אויב דיזעס קליינע ביכעלע וועט העלפען בלויז איין אידען זיך בעפרייען פון זיינע גייסטיגע קייטען וואס אן אזיאטישע רע־ליגיאן האט אויף איהם ארויפגעלעגט, ספעציעל דעם שענדליכ־סטען רינג פון דיזער שווארצער שווערער קייט, דעם רינג פון ברית מילה, אויב עס וועט געלונגען בלויז איין אידען צו איבער־צייגען אין מיאוס'קייט און שענדליכקייט פון דיזען בלוטיגען מנהג וואס רופט זיך ברית מילה, וועט די ארבייט פון דיזען ביכעלע אויפ־צושרייבען זיין באלוינט.

אט דאס איז דאס געפיהל וואס טרייבט דעם פריידענקער פון יעדע רעליגיאן צו רעדען צו די גלויביגע פון זיין פאלק.

און דאָס איז דאָס געפיהל וואָס צווינגט יעדען אידישען פריי־דענקער צו ריידען צום אידען.

ער זעהט ווי דאָס דריי־טויזענד־יעהריגע רעליגיעזע קינד שפּיעלט זיך מיט זיינע דאָגמאַטישע ליים־קיכלאַך און גלויבט באמונה שלימה אַז דאָס זיינען האָניג־קיכלאַך.

אַנדערע רעליגיעזע קינדער, ניט אַזוי אַלט־רעליגיעז ווי ער שפּיעלען זיך אַרום איהם מיט די זעלבע ליים־קיכלאַך און פּונקט ווי ער גלויבען זיי באמונה שלימה אַז זייערע קיכלאַך זיינען די ריכ־טיגע האָניג־קיכלאַך.

דער איד לאַכט פון זיי, ער זעהט ווי זיי נאַרען זיך, ער זעהט אַז זיי האָבען בלויז ליים־קיכלאַך און ניט מעהר, ער איז אָבער בלינד, רעליגיעז בלינד, צו זיינע אייגענע קיכלאַך וועלכע זיינען אויסגעקנאָטען פון דעם זעלבען ליים וואָס זייערע.

און דער אידישער פרייידענקער, זעהענדיג דעם נאַרישען קינ־דערשפּיעל פון אַ דערוואַקסענעם קינד שרייט אויס: ישראל! גענוג!

שוין צייט זאָלסט אַוועקוואַרפען דיינע ליימענע־קיכלאַך און זיך אַרומקוקען אויף דער וועלט אויף וועלכער דו לעבסט, דו לעבסט ניט מעהר אין אַלטען אַזיען! אין יענעם מדבר־לאַנד איז קנעטען ליים־קיכלאַך אויך געווען אַ צייטפערטרייב! נאַרען זיך אַליין האָט דאָרט ניט טייער געקאָסט.

אָבער די וועלט אין וועלכער דו לעבסט היינט ערלויבט ניט צו פאַרליערען צייט מיט ליימענע קיכלאַך, זי האָט פאַר דיר אמת'ע האָניג און צוקער קיכלאַך פון ריינעם קולטור־מעהל, געמאַהלען אויף די ציוויליזאַציאָנס מיהלען פון צוואַנציגסטען יאהרהונדערט, גע־מישט מיט האָניג, געזאַמעלט פון וויסענשאַפטס־ביענען אין די בלומען פון גאָרטען פון אַל־וועלטליכער קולטור.

גענוג ביזט קיין קינד ניט מעהר!

לעבסט אין אַ ציוויליזירטער וועלט!

לעב ווי אַ ציוויליזירטער מענש!

## 6.
# איז גלויבען א סימן פון שכל?

פתי יאמין לכל דבר.

ביבליש.

ועל הכל יתגדל ויתרומם
שמך לעולם שנתת לי אמונה
שלמה להאמין כי אתה אל
אמת ותורת משה עבדך בכתב
ובעל פה אמת וכו׳

אין דער תפלה וואס דער מוהל זאגט פאר׳ן שניידען זאגט ער צווישען אנדערע זאכען אויף דאס אויבען נעבראכטע, וועלכעס מיינט:

ער בעדאנקט זיך ביי גאט וואס ער האט איהם נעגעבען אן ״אמונה שלמה״ צו גלויבען אז ער איז אן אמת׳ער גאט און אז די תורה, די געשריעבענע ווי די ניט־געשריעבענע, איז אמת א. ז. וו.

אויף וואס שטיצט דער מוהל זיין גלויבען? איז דער ענטפער, דער מוהל איז א איד, א רעליגיעזער איד, און ווי יעדער רעליגיעזער איד גלויבט ער בלינד.

איז דיעזער גלויבען א סימן פון שכל?

אויב איהר וועט דעם מוהל פרעגען צווישען פיער אויגען וואס ער דענקט איבער איינעם וואס גלויבט אלעס, וועט ער אליין אייך ענטפערען ״פתי יאמין לכל דבר״, א נאר גלויבט אלעס.

ס׳איז אמת אז ניט פיעלע ערשיינונגען אין דער נאטור קען דער שכל בעגרייפען.

ניט פיעל ערשיינונגען אין דער נאטור קען די וויסענשאפט ערקלערען, דאך, צו גלויבען דאס אונפארשטענדליכע, הייסט בע־ליידיגען דעם מענשליכען שכל.

דאס שטארקייט פון גלויבען צייגט דאס שוואכקייט פון שכל.

פיעלע רעליגיאנס לעהרער גלויבען אז רעליגיאן אדער דער גלויבען איז א מענשליכער פארשריט. דאס איז ניט ריכטיג.

גלויבען אליין איז אזוי אלט ווי דער מענש. און וואס נידריגער דער גייסטיגער צושטאנד אלץ שטארקער דער גלויבען.

גלויבען אליין איז ניט קיין פאָרטשריט, נור די פאָרמע ווי דער גלויבען דריקט זיך אויס איז א פאָרטשריט אויב ער פּאַסט זיך צו צו דער צייט ווען ער ווערט פראַקטיצירט.

צום ביישפּיעל קרבנות איז אַן אַלט, העסליך שטיק עבודה־זרה. אַלע פּרימיטיווע פעלקער האָבען דאַרין געגלויבט, אָבער צווישען פאָרטגעשריטענע רעליגיאָנען שעהמט מען זיך מיט דיזען בלוטי־גען מנהג.

דער מנהג פון מל זיין איז פיעל עלטער פון אידישען פאָלק. אַלע ווילדע און האַלב־ווילדע און מאַנכע האַלב־ציוויליזירטע פעל־קער האַלטען נאָך היינט פון דיזען שענדליכען מנהג. אָבער א פאָרט־געשריטענער גלויבען שעהמט זיך מיט דיזען ווילדען מנהג.

נאַטירליך, ביי א גאַנץ נידריגען צושטאַנד פון גייסט קען קיין גלויבען ניט ענטשטעהען.

גלויבען ענטשטעהט ווען דער מענש האָט שוין שכל צו פרעגען, איהם פעהלט בלויז שכל צו ענטפערען.

אין דיזען זין צייגט גלויבען א פאָרטשריט.

קוים אָבער האָט שוין דער מענש ערגרייכט א שטופע פון גלויבען, געפינט ער זיך אין דער נידריגסטע שטופע פון גלויבען ווייל דאַמאַלס גלויבט ער ווי א קינד אין די אונמעגליכסטע זאַכען.

דיזער פרימיטיווער קינדערישער גלויבען געהט איבער פון טאַטען צום קינד לדור דורות. און ווען דאָס קינד זאָל זיך האַלטען אין גלויבען פון זיין טאַטען, וואָלטען מיר אַלע נאָך היינטיגען טאָג אויפגעגעסען אונזערע לעבעדיגע קינדער און טויטע טאַטעס.

דאָס איז אָבער ניט אַזוי, א דאַנק דעם שכל און ניט דעם גלויבען.

דער גלויבען האָט מורא פאַר'ן פאָרשריט.

צו בעווייזען אַז וואָס נידריגער דער גייסטיגער צושטאַנד אַלץ שטאַרקער איז דער גלויבען, ברענגט ספּענסער פאָלגענדע אינ־טערעסאַנטע פאַקטען.

"א געוויסער שבט פון שוואַרצע אין אפריקאַ איז אַזוי איינ־געגלויבט אַז א געוויסע קמיע קען בעשיצען פון אַלדאָס־בעז אַז איינער א שוואַרצער מיט א העכערען גייסטיגען צושטאַנד איידער

דער דורכשניט שוואַרצער, האָט אַמאָל געזעהען ווי אַ אייראָפּעער האָט געשאָסען אין אַ ציעל־ברעט און יעדעס מאָל געטראָפען, האָט ער זיך אונטערגענומען אַז דער ווייסער זאָל אויף איהם שיעסען בשעת ער, דער שוואַרצער, וועט ביי זיך האַלטען אַ קמיע, און ער איז געווען איבערצייגט אַז די קוגעל וועט איהם ניט שאַרען.

ווען דער ווייסער האָט אַזאַ שטאַרקען גלויבען ווי דער שוואַרצער וואָלט דער שוואַרצער געווען אַ טוידטער און דער ווייסער אַ מערדער.

נאָך אַ פאַקט ברענגט ספּענסער כדי צו צייגען ווי שטאַרק דער גלויבען אָדער אַבערגלויבען איז ביי מענשען פון נידריגען שכל.

"אַ ניגערין האָט געהאַט אַ קמיע וועלכע, ווי זי האָט געגלויבט, קען זי בעשיצען פון יעדער געפאַהר, ספּעציעל פון דער געפאַהר פערוואונדעט צו ווערען, פון מעסער, קינזשאַל, האַק אָדער שפּיז.

אַזוי זיכער איז זי געווען אין כח פון דיזער קמיע אַז זי האָט איינגעוויליגט צו לאָזען איינעם פּרובירען איהר אָרונטערהאַקען אַ פוס.

ווען דער קעניג אָדער פיהרער פון שבט האָט דאָס געהערט, האָט ער בעשלאָסען אויסצופּרובירען דעם כח פון דער קמיע.

ער האָט געשיקט זיינעם אַ דיענער מיט אַ האַק און די פרוי מיט דער קמיע האָט אַוועקגעלעגט איהר פוס אויף אַ קלאָץ און דער דיענער האָט מיט קראַפט אַרונטערגעלאָזען די האַק און צום גרויסען שרעק און נאָך גרעסערען שמערץ פון דער פרוי איז אַ האַלבער פוס אַוועקגעפלויגען אין צווייטען זייט פון פּלאָץ.

דיזע געשיכטע, וועלכע ספּענסער ציטירט פון אַן אַנדערען וועט דער לעזער געפינען ביים סוף פון ספּענסער'ס דאַטאַ פון סאָציאָלאָגיע, ערשטען בוך.

דאָס, זאָגט ספּענסער, גיט אונז צו פאַרשטעהן פאַרוואָס ביי ניט־פאָרגעשריטענע פעלקער לאָזט אַ פרוי זיך באַגראָבען אַ לעבעדיגע מיט איהר טוידטען מאַן, אָדער זי לאָזט זיך קוילען אויפ'ן קבר פון איהר מאַן אָדער קינד, גלויבענדיג באמונה שלמה אַז אויף יענער וועלט וועלען זיי זיך ווידער באַגעגענען.

טרעפט מען אַזאַ פעסטען גלויבען צווישען ציוויליזירטע גלויביגע?

נעווים נים, ווייל זייער גייסטיגער צושטאנד כאטש נים זעהר הויך, דאך, העכער פון ווילדען ארער האלב־ציוויליזירטען גלויבינגען איז ער.

און וואס העכער דער גייסטיגער צושטאנד אלץ שוואכער דער גלויבען.

פארוואס דאס איז אזוי זאגט ספענסער פאלגענדעס:

"דער פרימיטיווער מענש איז זעהר קאנסערוואטיוו, ד. ה. זעהר צוריקגעהאלטען. אפילו ווען מיר פערגלייכען העכערע ראסען זיינע מיט דער אנדערער, און אפילו ווען מיר פערגלייכען פערשיעדענע קלאסען איינע מיט דער אנדערער פון דער זעלבער געזעלשאפט, זעהן מיר אז די ווייניגער ענטוויקעלטע שרעקען זיך אם מייסטען פאר יעדען וועקסעל. צווישען פראסטען פאלק איז שווער איינצופיהרען אפילו א פערבעסערטע מעטהאדע, און ביי דעם אונציוויליזירטען זעהט זיך דאס נאך שטארקער.

"א שווארצער האט געזאגט "מיין טאטע טהוט אזוי, איך טהו אזוי".

די אינדיאנער האבען געלאכט ווען מען האט זיי פארגעשלאגען צו בייטען זייערע געוואהנהייטען.

"ליווינגסטאן דערצעהלט אז די שווארצע וועלכע ער האט בעגעגענט אויף זיין רייזע אין אפריקא זיינען אין פיעלע געגענדען אונבעקאנט מיט לעפעל, האט ער מאנכע פון זיי געשענקט לעפעל דאס איז זיי שטארק געפעלען געווארען, נור צו עסען מיט די לעפעל האט ער ביי זיי ניט געקענט פועל'ן. זיי האבען די מילך ארייגנעשעפט מיט דער האנד אין לעפעל אריין און דאן ערשט אין מויל אריין.

יאלען ארטאדאקסישע גלויבינגע אביסעל נאכדענקען.

איז גלויבען א סימן פון שכל!

אויב יא, איז יעדער נאר א פילאזאף.

און די פילאזאפען פון דער וועלט מוזען אלע זיין גלויבינגע.

.7

# פון וואַנען שטאַמען מנהגים?

פיעלע עטהישע פאָרשריפטען אין
סאָציאַלע געזעצע, היינט גאַנץ נוצ־
ליכע, האָבען געקראָגען א טהייל
פון זייער היילינקייט פון אלטען
סיסטעם פון אבערגלויבען.

ד ר. פ ר י י ז ע ר.

פון וואנעט שטאמען מנהגים?

יעדער וואָס האָט שטודירט יוריספרודענץ ווייסט אז די מיינ־סטע פון די געזעצע זיינען געוועזענע מנהגים.

ווען דער מענש זאָל קענען לעבען איינער אליין ווי מאנכע אנדערע חיות, וואלטען קיין דינים און קיין מנהגים קיינמאל ניט ענטשטאנדען.

ווייל מענשען אָבער לעבען צוזאמען, און מוזען קומען אין בעריהרונג איינער מיט'ן צווייטען, מוזען אויך ענטשטעהען רעגעלן ווי אזוי א יעדער מוז זיך פיהרען כדי ניט צו שטערען דעם צווייטען.

גאָר אין אנפאנג דריקט דער שייכות צווישען מענש און מענש און מענש און געזעלשאפט זיך אויס אין דער פאָרמע פון מנהגים. שפעטער ווערט פון א מנהג א דין (מאנכע דענקען אנדערש).

ווען אומשטענדען בייטען זיך, ענטשטעהען נייע מנהגים, און ווען דער איד זאָגט "אז א מנהג ברעכט א דין" דריקט ער דערמיט בלויז אויס א ווארהייט וועלכע צייגט די קראפט פון לעבען איבער אלטע אבגעלעבטע דינים.

מעג דער דין קומען דירעקט פון סיני, וועלען די אומטשענדען איהם בייטען.

א איד מוז על פי דין טראָגען א באָרד.

די אומשטענדען אין אזיען האָבען דיזען דין ניט געשטערט. אין א קליין רוסיש אָדער פויליש שטעדטעל זיינען די אומשטענדען געווען אזעלכע אז דאָס טראָגען פון א באָרד האָט הארמאנירט מיט דער אומגעבונג.

ווייל אין אמת'ן קען מען יעדעס קליינע שטעדטעל פון איי־

ראָפּא וואו אידען וואוינען, מיט אַ קליינער אויסנאַהמע, אָנרופען "קליין־אַזיען".

און אידען טראָגען דאָרט בערד, פון גאָט'ס כבוד וועגען, אונגעשטערט.

וואָס ווערט אָבער פון אידען'ס באָרד אין אַמעריקא?

דער מנהג פון לאַנד איז, אַז מען טראָגט ניט קיין בערד, און דער אַמעריקאַנער ניט־געשריבענער מנהג ברעכט אָן אויסדריקליכען דין פון דער תורה.

מנהגים מוזען נויטווענדיגער־ווייזע זיין שטאַרק פערשיעדען, ווייל די שייכות'ן צווישען די וועלכע שטעלען צוזאַמען די געזעל־שאַפט זיינען פערשיעדען.

אַזוי צ. ב. האָבען מיר מנהגים צווישען איין יחיד און אַ צווייטען, מנהגים צווישען יחיד און קהל, פון יחיד צו זיין גאָט, צו אַ הערשער, צו אַ קנעכט, צו אַ טוידטען, צו אַ פריינד, צו אַ שונא. צו אַ פערברעכער, צום כלי קודש, פון יחיד צו זיין אייגען פאָלק, צו אַ פרעמדען, פון מאַן צו דער פרוי, פון קינד צו עלטערן, פון עלטערן צו קינדער, פון קלאַס צו קלאַס, און ספּעציעל פון יעדען יחיד פון פאָלק צו זיין טוידטען העלד.

יעדער מנהג, נאָכצוזאָגען אַ דייטשען פילאָזאָף, איז שכל'דיג. ער איז ענטשטאַנדען ווייל ער איז געווען שכל'דיג, ער האָט עק־זיסטירט ווייל ער איז געווען "פּאַרנינפּטיג".

און ווען צייטען און אומשטענדען זאָלען זיך ניט בייטען, וואָלטען מנהגים זיך אויך ניט געביטען, זיי וואָלטען תמיד געווען שכל'דיג.

צייטען אָבער בייטען זיך, אומשטענדען בייטען זיך, און אַ מנהג וועלכער איז געווען שכל'דיג און האָט זיך צוגעפּאַסט אין אַ געוויסע צייט, אונטער געוויסע אומשטענדען, קען ניט זיין שכל'דיג אין אַ שפּעטערע צייט און וואָלט געווים נאַריש געווען אין אַ פריהערע צייט.

און דער מנהג וועלכער בייט זיך ניט מיט די אומשטענדען מוז ווערען אַ נאַרישער מנהג.

לאָמיר נעהמען אַ ביישפּיעל:

ס'איז אַ מנהג ביי אידען צו לייענען די תורה מאָנטאג און דאָנערשטאָג.

פון וואַנען שטאַמט דיזער מנהג?

ווען אידען האָבען געהאַט זייער לאַנד און זייער שפּראַך, האָבען זיי געהאַט איידעלע, קלוגע פיהרער, היינט האָבען זיי דאָס ניט, דאָס איז זייער אונגליק. ירושלים, די הויפּט־שטאָדט פון ארץ ישראל, פלעג האָבען צוויי מאַרק־טעג (ירוד'ען) אין וואָך.

איין מאַרק־טאָג מאָנטאג, דער צווייטער דאָנערשטאָג.

און אַ קלוגער, דעמאָקראַטישער פאָרשטעהער פון אידישען פאָלק, צי ס'איז געווען עזרא צי אַן אַנדערער מאַכט ניט אויס, האָט איינגעפיהרט אַז אין דיזע צוויי מאַרק־טעג, ווען די דאָרפס־לייט, וועלכע הערען קיין מאָל קיין העבער, גייסטיג וואָרט, קומען אין שטאָדט אריין, פארקויפען זייערע סחורות, זאָלען אויך האָבען די געלעגענהייט צו הערען די תורה, און מיט איהר בעקאַנט ווערען.

און דאריבער האָט ער איינגעפיהרט אַז אין דיזע צוויי טעג זאָל מען לייענען די תורה.

זאָל יעדער איד זיין בעקאַנט מיט דער תורה?

דאָס איז אַ שטיק דעמאָקראַטיע פון איידעלסטען סאָרט.

צו יענער צייט, און אין ארץ ישראל, איז דאָס געווען אַ שעהנער, שכל'דיגער מנהג.

שטעלט זיך אָבער פאָר דיזען מנהג היינט!
וואָס פאַר אַ זין האָט ער היינט!
און נאָך אין אַמעריקא!
ווער דאַרף איהם און וועמען נוצט ער!
זיין צייט איז פאָראיבער.
די אומשטענדען האָבען זיך געביטען.
דער מנהג אָבער איז נאָך פאראַן.
איז ער טאַקע חוזק!
מל זיין איז אַן אַלטער מנהג.
מענליך, געווען אַ שכל'דיגער מנהג אמאָל.
אמאָל אין אזיען.
אָבער היינט!
היינט איז ער אַ בלוטיגער חוזק.

ס'איז דאָ ווערטה צו באמערקען אַז פּראָפעסאָר סאָלאָמאָן שעכטער אין זיין בוך "שטודיום אין יודענטום" זאגט אז א מנהג איז א רעליגיעזע צערעמאָניע פאַר וועלכער עס געפינט זיך ניט קיין אויטהאָריטעט ניט אין דער תורה ניט אין תלמוד". מל זיין איז נאַטירליך אַ דין מן התורה.

.8

## אַלטער מנהג און יונגער דור!

וועו ביים אַלטען די לויה
הויבט צו לעבען אָן דאָס נייע.
ל. ר.

אין אַ קליין שטעדטעל איז געוועו אַ קליין בית־המדרש.
אַ קליין בית־המדרש האָט אַ קליינע נידריגע טהיר.
אידען, יונג און אלט, פלעגען זיך איינבויגען ביים אריינגעהען אין בית־המדרש.

נור וואָס איז בויגען זיך ביי אידען!
די וועלט שטעהט אָבער ניט אויף אָן אָרט.
די קהלה אויך ניט!
דאָס בית המדרש, אָבער, יאָ.

און ווען אידען האָבען געזעהן אַז דאָס בית־המדרש ווערט צו קליין האָבען זיי בעשלאָסען בויען אַ נייעם בית־המדרש, אַ גרעסערען.

נור אַזוי ווי קהל איז געוועו אָרים, האָט מען בעשלאָסען צו בויען דאָס נייע בית־המדרש אויף דעם פּלאַץ פון אלטען, כדי די ציעגעל פון אַלטען זאָלען קענען פארנוצט ווערען פאַר'ן נייעם.

און מיט יעדען ציעגעל וואָס דאָס אַלטע איז נידריגער געוואָרען איז דאָס נייע בית־המדרש העכער געוואָרען.

און וועהרענד דאָס נייע האָט זיך לאַנגזאַם געבויעט און דאָס אַלטע איז לאַנגזאַם צושטערט געווארען, האָבען אידען דערווייל ווייטער געדאַווענט אין קליינעם בית־המדרש.

און דאָס נייע בית־המדרש האָט זיך אַזוי לאַנגזאַם געבויעט ווי לאַנגזאַם ס'איז דער גאַנג פון פּראָגרעס.

און אַזוי איז געוועו!

בויענדיג דעם נייעם טעמפעל האט מען אויסגעריסען א ציעגעל נאך א ציעגעל פון אלטען בית־המדרש און אריינגעמויערט אין נייעם. און אזוי ביסלעכווייז, איז דאס נייע בית־המדרש געוואָרען אלץ גרעסער דאס אלטע אלץ קלענער און דער לעצטער ציעגעל צום נייעם בית־המדרש איז געווען דער לעצטער ציעגעל פון אלטען.

דער אריינגאנג פון גרויסען נייעם בית־המדרש איז געווען געבוים פונקט איבער דער טהיר פון קליינעם בית־המדרש, נור אזוי ווי די אלטע נידריגע טהיר פון קליינעם בית־המדרש האט ניט געקענט פארנוצט ווערען פאר'ן נייעם, גרויסען טעמפעל, איז די טהיר געבליבען דאס לעצטע און איינציגע שטיק פון אלטען, קליינעם בית־המדרש, וואס האט זיך ניט צוגעפאסט צום נייעם.

און איז דאס ניט די גרויסע טראגעדיע אין לעבען! דאס אלטע קען זיך ניט צופאסען צום נייעם!

דאס קליינע, נידריגע טהירעלע איז געשטאנען ביים אריינגאנג פון נייעם, גרויסען בית־המדרש לאנג נאך דעם ווי דער לעצטער ציעגעל פון אלטען איז שוין געווען אריינגעמויערט אין נייעם. ווייל כאטש דאס אלטע איז שוין געווען לאנג צושטערט, איז אבער דאס נייע נאך ניט פארטיג געווען.

און דערפאר איז אויסגעקומען אז די אידען וועלכע זיינען גע־גאנגען דאווענען בשעת דער נייער טעמפעל האט זיך געבויעט, האבען זיך געמוזט אריין־געהען דורך דער נידריגער טהיר פון אלטען בית־המדרש און האבען זיך געמוזט בויגען.

אבער די צייט שטעהט ניט.

דאס נייע גרויסע בית־המדרש איז שוין לאנג פארטיג געוואָ־רען. דאס קליינע, נידריגע איז שוין לאנג פעו'שווינדען געוואָרען. פערשוואונדען איז שוין אויך דאס קליינע נידריגע טהירעלע וואס איז געשטאנען ביים אריינגאנג פון נייעם בית־המדרש. דאך, די אידען וועלכע האבען אזוי לאנג זיך געבויגען ביים אריינגעהן אין בית־המדרש דורך דער קליינער טהיר, האבען ניט אויפגעהערט צו בויגען זיך ביים אריינגאנג פון נייעם, גרויסען טעמפעל.

בויגען זיך ביים אריינגאנג איז געוואָרען א מנהג.

אין אמת'ן, וואס איז אזוי לייכט ביי אידען ווי בויגען זיך.

מיט דער צייט האָבען אידען פערגעסען פון וואנען דער מנהג פון בויגען זיך שטאמט.

און פון מנהג איז מיט דער צייט געוואָרען א דין. יעדער וואָס איז דורכגעגאנגען דורך דער טהיר פון נייעם טעמפעל האט געמוזט איינבויגען זיין רוקען.

און אידען האָבען געבויגען זייערע רוקענס.

און ווער ס'האָט ניט געוואָלט בויגען זיין רוקען איז בעטראכט געווארען פאר אן אפיקורס.

אמאָל איז אין שטעדטעל געקומען צו גאסט אן אלטער איד וועלכער האָט געוואוסט פון מנהג פון בויגען זיך ביים אריינגאנג פון נייעם מית־המדרש.

דער אלטער איז געקומען מיט זיין יונגען זוהן.

ביידע זיינען געגאנגען דאווענען.

אזוי האָט דער אלטער פערלאנגט.

קומענדיג נאָהענט צום נייעם בית־המדרש רופט דער טאטע זיך אָב צום זוהן: ״זוהן לעב, דאָ איז פאראן א מנהג פון בויגען זיך ביים אריינגאנג פון נייעם בית־המדרש, וועל איך דיך בעטען, זוהנעלע, זאָלסט מיר קיין שמעריץ ניט פעראשפען און זיך בויגען גלייך מיט אלע אידען.

״איך!״ האָט דער זוהן געפרעגט, ״איך זאָל זיך בויגען! פארוואָס און פאר וועמען?״

״יעדער בויגט זיך קינד!״ האָט דער אלטער געענטפערט, ״בויג דיך אויך!״

״ניין טאטע, איך בייג זיך ניט!״ האָט דער זוהן ענטשלאָסען געענטפערט, ״אמת, יונגע מוזען פאָלגען וואָס אלטע פארשטעהן, טאָ לאָז, טאטע, מיך הערען דעם שכל פון מנהג״.

״קינד מיינס״, האָט דער אלטער אין כעס געענטפערט, ״דאָס איז א מנהג און פארשטעהען איהם איז ניט נויטיג!״.

״דאן״, האָט דער זוהן ענטשלאָסען געזאָגט, ״געה דו טאטע נאָך'ן מנהג. איך וועל געהען נאָך'ן שכל!״

״ביזטו קלוגער פון דער גאנצער וועלט?״ האָט דער טאטע שטארק אין כעס געפרעגט.

״ניין! דאָס שטעדטעל דאָ איז ניט די גאנצע וועלט און צו וויסען מעהר ווי די אידען וועלכע האלטען זיך אין א נארישען מנהג, הייסט ניט וויסען פיעל, און ניט וועלען זיך בוינען פאר קיינעם הייסט ניט זיין קלוגער פון דער גאנצער וועלט!״ האָט דער זוהן, וועלכער האָט געוואוסט פון וואנען דער מנהג פון בוינען זיך שטאמט גענענטפערט אין אן ערענסטען טאָן. ״פריהער, טאַ־טע״, האָט דער זוהן פייערליך אויסגערופען, ״איז דאָ געשטאנען א קליין בית־המדרש׳ל מיט א נידרינגען דאַך און מיט א קליין נידריג טהירעלע און מען האָט געמוזט בויגען דעם רוקען ביים ארייננעהען, אָבער פארוואָס זיך בויגען היינט ווען ס׳איז פאראן א גרויסע שעהנע טהיר צום אַריינגעהן?״

״פריהער, טאַטע, האָט מען זיך געבויגען צו דער נויטווענדינ־קייט. די נויטווענדינקייט האָט בעשאפען א מנהג. היינט ווען די נויטווענדינקייט איז פערשוואונדען בוינט מען זיך צום מנהג״.

״בויג זיך, טאַטע, אויב דו ווילסט! זאָלען זיך אַלע בוינען, איך בויג זיך ניט!״

און דער אַלטער איז נאָכגעגאנגען דעם מנהג.

דער יונגער—דעם פערשטאַנד.

און אזוי האָבען זיך זייערע וועגען צושיידט, און פרעמדע זיינען געוואָרען טאַטע און זוהן.

קען דאָס אַנדערש זיין!

9.

# אַלטע מנהגים אין ליכט פון מאָדערנע פאָרשונג.

יענע וועלכע שרעקען זיך פאר די פריסטערס פאבלען, קענען זיך פון זייער שרעק בעפרייען מיט דער הילף פון דער, וויסענשאַפט פון ווירקליכקייטען.

ע פ י ק ו ר.

פאר דער וויסענשאַפט זיינען ניט פאראן קיין קליינע און גרויסע זאכען. אַלעס איז גרויס און אַלעס איז וויכטיג.

די וויסענשאַפט, אָדער אַ ספּעציעלע צווייגעלע פון איהר גיט זיך אָב מיט אויספאָרשען פון וואַנען עס שטאַמען אַלטע מנהגים און דינים פון היינטיגע פעלקער.

ווי לעבערליך אַ מנהג זאָל אונז היינט ניט אויסזעהען, האָט ער אַמאָל געהאַט אַ גרונד צו עקזיסטירען.

אַז מל זיין איז אַ מנהג וועלכער האָט איבערגעלעבט זיין צייט, וועלען מיר זעהען שפּעטער.

ביי אידען געפינען זיך פיעלע אַזעלכע מנהגים, מאַנכע פון וועלכע זיינען פיעל עלטער פון אידישען פאָלק.

פיעלע מנהגים זיינען דורך דעם הייליגען שימעל פון אַלטקייט געוואָרען דינים.

מל זיין איז אַזאַ דין. ניט שערען די באָרד—איז אַ צווייטער־אַנדערע, כאָטש זעהר אַלט, זיינען געבליבען מנהגים, נור דאָס פאָלק איז תמיד און איבעראַל קאָנסערוואַטיוו און צי אַ דין צי אַ מנהג, עס האַלט זיך דערמיט, אפשר, אפשר, איז עס וויכטיג־אפשר העלפט עס עפּעס.

לאָמיר נאָכפאָלגען אַ וייט־פערשפּרייטען מנהג צווישען אי־דישען פאָלק. פיליכט וועלען מיר דערגעהען פון וואַנען ער האָט זיך גענומען. און דאָס וועט אונז העלפען פאַרשטעהן פון וואַנען אַנדערע מנהגים און דינים האָבען זיך גענומען, אָדער געקענט נעהמען.

ביי די אידען איז פאַראַן אַ מנהג אַז פאַר דער חופּה ״בע־זינגט״ מען די כלה.

הייסען הייסט עס אַז מען ״בעזינגט״ די כלה אין אמת׳ן אָבער בעוויינט מען זי.

פון וואַנען שטאַמט אָט דיזער מנהג צו וויינען אין דער פרעה־ליכסטער צייט פון לעבען?

ווי פּאַסט זיך איבערהויפּט געוויין ביי אַזאַ פייערליכער גע־לעגענהייט?

מוזיק, געזאַנג, טאַנצען, לעקאַך־און־בראָנפען און אויף איינ־מאָל אַ געוויין! ווי פאַרשטעהט מען דאָס?

ווען אַ לעבען פאַרגעהט איז די גרעסטע שמערץ.

דאָ פּאַסט זיך געוויין.

וואו א לעבען ענשטעהט איז די גרעסטע פרייד.
ווי פאסט זיך דא געוויין!
נאך מעהר, דיזער מנהג זעהט נארניט ביי קיינעם ניט אויס נאריש, פערקעהרט. מען קוקט דארויף ווי אויף א חלק פון דער התונה צערעמאָניע.
די מאמע וויינט, די שוויגער וויינט, אלע מוהמעס און באָבעס וויינען, די כלה וויינט, איהרע חברות וויינען, פרעמדע וויינען, אלעס וויינט!
גיט די כלה א פרעג "וואָס וויינסטו טאכטער?"
וועט זי געוויס ענטפערען אז איהר מאמע האָט געוויינט פאר דער חופה, וויינט זי אויך.
אָט איז דער זין פון דיזען נארישען מנהג!
ביי פיעלע האלב־ציוויליזירטע פעלקער ווערט די יונגפרוי־שאפט פון א מיידעל געהאלטען פאר א סימן פון גרויס צניעות.
ביי פרימיטיווע מענשען ווי ביי קינדער שפיעלט דער "אָנ־שטעל" אָדער דאָס "נאָכמאכען" א גרויסע ראָלע.
ווען איז ניט בעקאנט ווי א קינד אז עס וויל עפעס אויס־פיהרען ווערט עס כלומר'שט ברוגז?
דער איד, אָט דיזער דערוואקסענער קינד, לעגט זיך אוועק ערב יום־כפור און כלומר'שט גיט מען איהם ניין און דרייסיג שמיץ, דאָס מאכט ער אז אנשטעל פאר'ן באשעפער פון אלע וועלטען.
און וואָס איז דער מכירת־חמץ אויב ניט א נארישער אָנשטעל פון דעם איד געגען זיין גאָט?
אָט דיזער אָנשטעל שפילט א ראָלע ביי פרימיטיווע פעלקער.
דאָס מיידעל פ.ן א האלב־ווילדען שבט מוז כלומר'שט וועלען בלייבען אונבעריהרט (סעקסועל).
זי מוז כלומר'שט ניט וועלען חתונה האבען.
דער מנהג איז, אז זי מוז עפענטליך ארויסציינען אז כלומר'שט זי וויל דעם חתן ניט קענען.
ספענסער ברענגט פאָלגענדען פאקט פון א געוויסען פרימי־טיווען שבט: "דער חתן איז געקומען צו דער כלה און דריי טעג נאָכאנאנד האָט ער פרובירט זיך צו איהר צו דערנעהנטערען מיט צערטליכקייטען און זי האָט צוריק געענטפערט מיט קלעפ מיט די

פויסטען און שטעקענעס. ענדליך, צום דריטען טאָג, איז זי ווייבער געוואָרען און פאר איהם געקאָכט א מאָלצייט.

לויט דעם מנהג פון איהר שבט מוז זי כלומר'שט ארויסצייגען אונצופריערנהייט מיט'ן חתן, ס'איז ניט שעהן ארויסצוצייגען צופריערנהייט פון דער חתונה, ס'איז ניט מאָראליש.

און ווייטער ציטירט ספּענסער פאָלגענדען פאקט: "צווישען די אראבער פון סיני פארטיידיגט די כלה זיך נעגען חתן מיט שטיי־נער און אָפט מאָל פארוואונדעט זי דעם חתן גאַנ'ץ ערענסט כאָטש אין אמת'ן האָט זי איהם גאָרניט פיינט.

ווייל לויט א מנהג, וואָס מעהר זי קעמפט נעגען חתן, וואָס מעהר זי בייסט, בריקעט, שרייט און שלאָגט, אַלץ מעהר ווערט זי געלויבט פון איהרע הברות.

ווערענד די אונטערפיהרער ברענגען זי צום חתן'ס געצעלט, פערלאנגט פון איהר די אנשטענדיגקייט, אז זי זאָל וויינען מיט ביטערע טרערען.

זי מוז צייגען אז זי איז כלומר'שט ניט צופריערען.

יעדער איד ווייסט אַז די אידען האָבען א לאנגע צייט גע־וואוינט אין סיני.

מאנכע אויטאָריטעטען ווילען האָבען אז די אידען שטאמען אין גאנצען פון דער האַלב־אינזעל סיני.

ווי די זאך זאָל ניט זיין, ווען די כלה וויינט היינט פאר דער חופּה לאָזט זי דער וועלט וויסען אַז זי איז ניט צופריערען פון דער גאנצער פּאסירונג.

אזוי איז געווען דער מנהג פיער טויזענד יאָהר צוריק, אזוי איז דער מנהג היינט.

אַז דאָס וויינען היינט פאַר דער חופּה איז זינלאָז דאָס וועט יעדער מענש מיט שכל צוגעבען.

מען וויינט אָבער. ס'איז אַ מנהג.

די אידען האָבען פיעלע אַזעלכע מנהגים מיט וועלכע זיי וואָלטען זיך זיכער היינט געשעהמט ווען זיי זאָלען וויסען זייער אורשפּרונג.

ברית־מילה איז איינער פון זיי.

.10

# טאָלעראַנץ און רעליגיעזע דומהייטען.

דאָס צובורעכען פון געטער, צו אַל־
טע צו נייע, איז תמיד געווען די
הייליגע מיסיאָן פון יודענטום.
פּראָפ. ס. שעכטער.

טאָלעראנץ און רעליגיעזע דומהייטען.

נאָכפאָלגענדיג דיזען, וועט דער לעזער געפינען א קאפּיטעל איבער אברהם'ן.

אונטער דעם טיטעל "הימעל און ערד" האָט דער שרייבער פון דיזע ציילען געשריבען א רייהע ארטיקלען אין משך פון עטליכע יאָהר אין דער "פרייער ארבייטער שטימע". איינער פון דיזע ארטיקלען איז געווען איבער אברהם'ן.

פיעלע בריעף זיינען פון שרייבער ערהאלטען געוואָרען און לויט דעם אינהאלט פון דיזע בריעף זיינען כמעט אלע געקומען פון געבילדעטע אידען, מאנכע רעליגיעזע, מאנכע פרייע, אָבער אלע ערענסט און אויפריכטיג.

און כמעט אלע האָבען געהאָט איין טענה, נעמליך, די אונ־טאָלעראנץ פון שרייבער צו א ביבליעשער פערזאָן וועלכע די אידען בעטראכטען פאר זייער שטאם־פאָטער.

מיר וועלען צוגעבען אז מאנכע אויסדריקע אין יענעם ארטי־קעל זיינע ניט געקליבענע. מיר וועלען אויך צוגעבען אז די מיינונג פון שרייבער איבער אברהם'ן, אויב אזעלכע האָט אמאָל עקזיס־טירט, איז ניט קיין גינסטיגע, זאָגאר זעהר א שלעכטע, ווער אָבער איז שולדיג אין דעם?

צו פערלאנגט די מדה פון טאָלעראנץ אז מיר זאָלען זאָגען אז שווארץ איז ווייס?

טאָלעראנץ איז א שעהנע מדה, אָבער ז'האָט א גרענעץ! טאָלעראנץ אָהן א גרענעץ איז שעדליך.

וואָס וואָלט געווען ווען אברהם אליין איז טאָלעראנט אין רעליגיעזער הינזיכט?

די אידען וואלטען אפשר נאך היינט נעדיענט צו די אלע געצען צו וועלכע תרח האט גיידיענט.

ווייל פאסט זיך עפעס טאלעראנץ מיט'ן צוברעכען דעם טאטען'ס געטער.

און דאך איז אברהם נעפעלען געווארען דעם וועלטענשעפפער דוקא דורך דיזער אונטאלעראנץ! ער איז נעווען א געטער ברעכער!

און פרובירען מיר דען מעהר ווי צוברעכען דעם טאטען'ס געצען.

דער פארשרים פערלאנגט אז דעם טאטען'ס געטער זאלען צוּבראכען ווערען, און פארשרים דולדעט נים קיין אונטאלעראנץ, היינט ווי קען דאס צוברעכען פון געטער זיין אן אקט פון אונטאלעראנץ?

אין רעליגיעזע ענינים דארף נים זיין די פראגע טאלעראנט אדער אונטאלעראנט, נור אמת צי ניט אמת.

דער שרייבער גלויבט אז דער כאראקטער פון אברהם'ן איז נים קיין שעהנער און נים קיין ריינער.

גלויבט דער שרייבער אזוי ווייל ער איז אונטאלעראנט?

אדער איז ער אונטאלעראנט ווייל ער גלויבט אזוי?

די פראגע דארף זיין בלויז דיזע, נעמליך, צי לויט די פאקטען ווי די תורה גיט זיי איבער איז אברהם'ס כאראקטער וועלכער אז א מענש, אפילו נים פון דער מאדערנער צייט, זאל איהם קענען רעספעקטירען?

דעם שרייבערס מיינונג איז, אז לויט די פאקטען פון דער תורה איז אברהם, אפילו פון שטאנדפונקט פון זיין אייגענער צייט, נים קיין פארשוין אויף וועמען אפילו א מענש פון זיין צייט זאל קענען שטאלץ זיין שוין נים ריידענדיג פון א מענש פון אונזער צייט!

נאטירליך וואלט מען געקענט זאגען, וואס גערט עס אונז היינט אן צי אברהם איז געווען א שעהנער מענש צי נים!

איז דער ענטפער, אז אונז, היינט, גערט עס שטארק אן.

דער דין פון מל זיין שטאמט פון איהם, פון אברהם'ן.

ס'איז א בלוטיג שטיקעל ארבייט, א העסליך שטיה ייצענדיענסט פון נידריגסטען סארט.

אברהם, זאָגט די תורה, האָט עס גענומען דירעקט פון וועל־טענשעפּפער. אויב דאָס איז אמת, פאַלען אַוועק אַלע פראַגען, טאָמער אָבער איז דאָס ניט אמת?

אז אזא בלוטיג שטיקעל ארבייט זאָל שטאַמען פון אברהם׳ן איז לייכט גלויבליך. האָט ער דאָך ביי זיך גע׳פּועל׳ט צו קוילען זיין איינציג קינד און דוקא פון גאָט׳ס וועגען!

צי איז עס אָבער גלויבליך אז דער בעשעפער פון הימעל און ערד, זון און לבנה, וועט פערלאַנגען פון אַ מענשען אזא בלוטיג שטיקעל ארבייט?

און כדי צו וויסען צי דיזער דין קומט צו אברהם׳ן פון גאָט, מוזען מיר זעהען וואָס איז דער כאַראַקטער פון דיזען אברהם? איז ער אַזוי הויך מאָראַליש, ריין אין פאַמיליען לעבען, ערהאַבען רעליגיעז, אַז דער איינציגער גאָט, זאָל דורך איהם גיבען אַ געבאָט וואָס מיליאָנען אונגעבוירענע דורות וועלען מוזען האַלטען טראָץ דעם מאוס׳קייט און בלוטיגקייט פון דיזען געבאָט?

איז אברהם געווען אַ מענש מיט שכל און וועלט־קענטנים גענוג צו פארשטעהען אַז אַ בלוטיגער מנהג, אַ פינף טויזענד יעה־ריגער מנהג פון פינסטערען אזיען וועט זיך פּאַסען פאַר אַ שפּע־טערער ציוויליזירטער וועלט?

און ווי אַזוי קענען מיר דאָס וויסען סיידען מיר בעקענען זיך גענוי מיט אברהם׳ן און זיין כאַראַקטער?

און ווי אַזוי קענען מיר זיך מיט איהם בעקענען?

די אוטענטישע געשיכטע ווייסט פון איהם ניט, און מיר האָבען עס אויך ניט נויטיג.

איז די תורה ניט מעהר בעגלויבט פון אַלע געשיכטען?

און וואָס פאַר אַ כאַראַקטער איז אברהם׳ס לויט דער תורה?

דער מאָדערנער איד איז היינט, אין צוואַנציגסטען יאהרהונ־דערט, מל זיין קינד ווייל אברהם האָט מל געווען זיין קינד, מיט פיערציג יאהרהונדערטע צוריק.

איז אָבער מל זיין דאָס איינציגע וואָס אברהם האָט אין זיין לעבען געטהון? ער האָט דאָך געטהון נאָך זאַכען, פאַרוואָס איהם ניט נאָכטהון אין אַלעס וואָס ער האָט געטהון?

אברהם האָט חתונה געהאַט מיט זיין דיענסט, פאַרוואָס זאָל דער איד פון היינט איהם ניט נאָכטהון אויך אין דיזען?

אברהם האָט געפיהרט זיין קינד צו דער שחיטה, וועט עס דער מאָדערנער איד טהון?

אברהם האָט געהייסען זיין פרוי זאָגען אַ ז'איז זיין שוועסטער כדי זיין לעבען צו רעטען, וואָלט עס אַ מאָדערנער איד טהון?

נאָך שרה'ס טוידט האָט אברהם חתונה געהאַט מיט עטליכע קעבס־ווייבער, וועט דאָס אַ מאָדערנער איד אויך טהון?

געוויס, זאָגט איהר, וועט דאָס אַ מאָדערנער איד ניט טהון!

איהר וועט גאָר אפשר לאַכען פון שרייבער פאַר'ן פאַרגלייכען דעם מאָדערנעם איד מיט אברהם'ן.

איהר וועט, מיט רעכט פרעגען ווי קען מען פערלאַנגען אַז דער איד פון היינט זאָל זיך אויפפיהרען אַזוי ווי אברהם האָט זיך אויפגעפיהרט מיט פיער טויזענד יאָהר צוריק?

און אייער פראַגע איז אונזער געשריי.

און מיר זאָגען, אַז אויב ס'איז ניט שעהן פאַר'ן מאָדערנעם איד נאָכצוטהון אברהם'ן און חתונה האָבען מיט דער דיענסט האַבענדיג זיין פרוי ביי דער זייט.

אויב ס'איז ניט שעהן פאַר'ן מאָדערנעם איד צו פיהרען זיין קינד צו דער שחיטה.

אויב די אַנדערע זאַכען זיינען ניט שעהן וועלכע אברהם האָט געטהון, איז מל זיין, דיזער בלוטיגער מנהג, טויזענד מאָל וועניגער שעהן.

און אויב די אַנדערע זאַכען וועלכע אברהם האָט געטהון זיינען ניט קיין שעהנע, אַ סימן דער איד טהוט זיי ניט נאָך, פאַרוואָס איז עס ניט טאָלעראַנט צו זאָגען אויף ניט קיין שעהנע זאַכען אַז זיי זיינען ניט שעהן?

מיר וואָלטען וועלען זעהן דעם איד וועלכער ווייסט פון וואַנען מל זיין שטאַמט און שעהמט זיך ניט דערמיט!

און איז זיך שעהמען מיט אַ שענדליכען מנהג, און עס אָפען אַרויסזאָגען אַן אַקט פון אונטאָלעראַנץ?

אויב יאַ, ערקלערען מיר זיך שולדיג!

יעדען שולדיגען, אַבער, ערלויבט די וועלט אַ פערטיידיגונג.

אַט איז אונזער פערטיידיגונג.

ס׳איז נאַריש צו רעספּעקטירען דאָס אַלטע בלויז ווייל ס׳איז אַלט, ווייל אויב יאַ, מוזען מיר תרח׳ן מעהר רעספּעקטירען איידער אברהם׳ן, ווייל תרח איז עלטער, און האָט דער איד עפּעס גרויס דרך־ארץ פאַר׳ן ״אַלטען תרח?״

דער גלויבען אין פיעלע געטער איז עלטער איידער דער גלויבען אין איין גאָט, און ווער רעספּעקטירט היינט פיעל־געטעריי?

דער נאַר איז עלטער פון חכם, דער ווילדער איז עלטער פון ציוויליזירטען מענש, קען אימיצער דערפאַר רעספּעקטירען דעם נאַר אָדער דעם ווילדען?

הערבערט ספּענסער, אין אַלע זיינע ווערק, אַ חוץ ווען ער רעדט איבער סאָציאַליזמוס, איז טאָלעראַנט ווי עס פּאַסט פאַר אַן ערשט־קלאַסיגען פילאָזאָף. דיזער גרויסער דענקער, זיך שטיצענדיג אויף פאַקטען געזאַמעלט אין אַלע וועלט־טהיילען, ווילדע און האַלב־ווילדע, האַלב־ציוויליזירטע און ציוויליזירטע, קומט צו פאָלגענדען שלוס, וועלכען ער ציטירט פון אַן אַנדערען:

״אין דעם גרויסען פעלד פון מענשליכער געשיכטע, איז שווער צו געפינען אַ ביישפּיעל פון אַ פּרימיטיווען שבט אָדער נאַציאָן; וועלכע האָט ניט געהאַט איהר גאָט־בעגייסטערטען נביא, אָדער פאַרגעטערטע אבות (מענשען ביים לעבען און געטער נאָכ׳ן טוידט. ל. ר.).

״דער מענש־גאָט וועלכען די קאַנזשאַרען (אַ שבט אין אינדיען) דיענען איז ״מאַנאַ״ (מאַנאַ דאָס זעלבע וואָס מאַן, מענש, אדם. ל. ר.) אַ נאָמען וועלכען מען געפינט ניט אין דער ליסטע פון די געטער פון די הינדוסער.

״בעת ער האָט געלעבט צווישען מענשען, איז ער געוועזען דער גרעסטער קריעגער, דער גרעסטער יעגער, גרעסטער קינסטלער, און אַן אונבעזיעגבאַרער עלטסטער (הויפּטמאַן).

״ער איז ניט נור געוועזען אַ רבי און אַ פיהרער, נור אויך דער גרינדער און טאַטע פון שבט.

״ער איז דערפאַר צו די קאַנזשאַרען וואָס העלען איז געוועזען צו די גריכען, ראָמולוס צו די רוימער, אברהם צו די אידען און ישמעאל צו די אַראַבער......

.....״ווען די שבטים קומען זיך צונויף תפילה צו טהון צו זייער געמיינזאמען פאטער ״מאנא״ ווערט ניט קיין מזבח און ניט קיין בילד אויפגעשטעלט. נור די וועלכע דיענען גאט קומען זיך צוזאמען אונטער א בוים און ארום איהם און זיינען מקריב א קרבן אמאל א חזיר, אמאל א ציעג, א שאף, אן עוף. פריהער, זאגט מען, פלעגען זיי מקריב זיין א קינד.

״זיי טאנצען ארום דעם בוים פאר דעם כבוד פון מאנא, און זינגען שירים לויבענדיג מאנא׳ס חכמה און העלדען־טהאטען. די צערעמאָניע שליסט זיך מיט א פרעהליכע סעודת־מצוה וואו אלע שכור׳ן זיך אן.

״איידער זיי ווערען שטארק שכור, טרעט אמאל ארויס איינער פון דער מאסע און ערקלערט אז ער איז אנגעפילט געווארען מיט׳ן רוח־הקודש. ער הערט אויף צו עסען און טרינקען און בלייבט שטעהען ביים בוים מיט צוגעמאכטע אויגען ווי בעוואוסטלאז.

״אויב עס כאפט איהם אן א ציטערניס, גלויבען אלע אז דער גייסט פון מאנא איז אין איהם אריין, און ער ווערט אלס נביא בעטראכט און אלע וואס נויטיגען זיך אין הילף ווענדען זיך דאן צו איהם ער זאל זיי ארויסהעלפען פון זייערע צרות״.

פון דער אויבען־געבראכטער ציטאטע איז קלאר צו זעהען אז ספענסער פערגלייכט אונזער אברהם מיט מאנא. ער צייגט אויף אז אויף אנדערע רעליגיעזע מנהגים פון דיזע ווילדע אדער האלב־ציוויליזירטע שבטים וועלכע זיינען אונז אידען ניט אין גאנצען פרעמד. איז ער דערפאר אונטאלעראנט?

.11

# וואס איז אברהם׳ס כאראקטער לויט דער תורה?

מיר טארען קיין אכטונג ניט שענקען צו איבערנאטירליכע אויטהאָריטעטען, און מיר טארען ניט ציהען קיין נוצען פון דער אונוויסענהייט פון אנדערע.

ק אָ נ פ ו צ י ו ס.

יערעס פאלק האט זיך זיינע העלדען אויף וועלכע עס איז

שטאָלץ. איז די פראַגע צי האָבען מיר אידען אַן אורזאַך צו שטאָל־צירען מיט אונזער העלד אברהם.

אַ מענש מוז געאורטהיילט ווערען נאָך זיינע האַנדלונגען. די פראַגע איז בלויז, צי זאָלען מיר אורטהיילען אברהם'ן פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער צייט, אין וועלכער ער האָט געלעבט, צי פון דעם שטאַנדפונקט פון אונזער צייט?

און דער ענטפער איז: אויב די תורה, וועלכע דערצעהלט אונז וועגען אברהם'ן זאָל זיך געפינען אין אַ גלעזערנע שאַפּע אין בריטישען מוזעאום, גלייך מיט דער אַלטער טרונע פון ראַמסעס דעם צווייטען, בלויז אַלס אַ קוריאָזיטעט פון אַ פערגאַנגענער וועלט. וואָלטען מיר איהר אינהאַלט געמעגט בעטראַכטען פון דעם שטאַנד־פּונקט פון יענען צייט, אין וועלכער די נאַרישקייטען, וועלכע זי דערצעהלט, זאָלען האָבען פּאַסירט. ווען אָבער מען צווינגט אונ־זערע קינדער אין שולען צו לערנען די ביבעל, דאַן איז אונזער פליכט צו אורטהיילען יענע מעשה'לעך פון דער תורה פון דעם היינטיגען שטאַנדפּונקט, ווייל די יעניגע, וועלכע צווינגען די קינדער צו לעזען די ביבעל, דערצעהלען זיי ניט ז'עם אמת, זיי דערצעהלען ניט פאַר די קינדער, אַז די תורה איז אַ פערפאַסונג פון אַ מאַסע אַלטע, אונ־וויסענדע געצענדיענער פון בבל, אשור און מצרים. זיי דערצעהלען זיי ניט, אַז דאָס, וואָס דאָרט ווערט דערצעהלט, איז ניט קיין אמת, עס האָט קיין בעווייזע און האָט קיין דאַטומס ניט, זיי דערצעהלען די קינדער ניט, אַז די ליגענס, ברוטאַליטעטען און פערדאָרבענהייט, וואס ווערען דאָרט דערצעהלט, שטאַמען פון ווילדע, אַזיאַטישע שבטים און זיינען מיאוס און שענדליך פאַר קינדער פון דער מאָ־דערנער וועלט, זיי דערצעהלען ניט די קינדער, אַז מיט טויזענדער יאָהרען פריהער, אין אַ ווילדער וועלט מיט ווילדע מענשען, האָבען ליגען און דומהייטען געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע און פּילייכט אויך געווען אַ נויטווענדיגקייט, און די תורה האָט געדיענט פאַר דיזען צוועק. מיט אַנדערע ווערטער, זיי אינפאָרמירען ניט די קינדער איבער דעם אמת'ן כאַראַקטער פון דער תורה, נור די תורה ווערט פאַר זיי פאָרגעשטעלט, אַלס גאָט'ס וואָרט, אַלס דער אמת אַליין. און דאָס איז סם המות פאַר'ן קינד'ס גייסט.

און מיר וואָלטען זיך געמוזט שעהמען מיט אונזערע קינדער,

ווען זיי פֿאָלגען נאָך די מאָראַל פֿון דער תורה.

און אונזערע קינדער וואָלטען זיך ניט נור געשעמט מיט אונז, ווען מיר וואָלטען נאָכפֿאָלגען דעם ביישפּיעל פֿון אברהם אבינו. נור זיי וואָלטען אונז פעראַכטעט און פֿערדאַמט, און ווען זיי טהוען עס ניט, וואָלטען מיר זיי געדאַרפֿט פעראַכטען און פֿערדאַמען.

אורטהיילענדיג אברהם אבינו, לויט דעם יעצטיגען בעגריף פֿון מענשליכקייט, מאָראַל, יושר און אנשטענדיגקייט, וואָלט אַרויס־געקומען אַ שרעקליכע פערזעהעניש, נור אפילו לויט יענע צייטען, קריגען מיר פֿון אונזער היסטאָרישען העלד אַ ניט זעהר שעהנעם פאַרשוין.

אָט איז ער:

אברהם איז געבוירען געוואָרען "באור כשדים", דאָס מיינט אין דער שטאָדט "אור" פֿון "כאַלדעהען" (אַ טייל פֿון בבל). די איינוואוינער פֿון כשדים זיינען פֿעררעכענט געווען פֿאַר כשוף־מאַכער, שטערען־זעהער און שוואַרץ־קינסטלער". אין דניאל ב' ווערט געזאָגט: "ויאמר המלך לקרא לחרטומים ולאשפים ולמכשפים ולכשדים וכו'.

זיין טאַטע תרח האָט איהם אַ נאָמען געגעבען אברם, און האָט איהם חתונה געמאַכט מיט שרה, ניט קיין פֿרעמדע און ניט קיין מיאוס'ע. דאַן האָט תרח גענומען אברם'ן, שרי'ן און לוט האָט פֿערלאָזען כשדים און האָט זיך געלאָזט געהן קיין כנען. ער איז אָבער ניט דערגאַנגען און איז אויפ'ן וועג געשטאָרבען.

ביז צו דיזער צייט האָט אברם גאָרנישט געטהאָן, וואָס ער זאָל דערפֿאַר קריגען די ליעבע פֿון יהוה.

און כאָטש ער איז שוין אַ איד פֿון פינף און זיעבציג יאָהר, האָט ער ביז דאַמאָלס פֿון גאָט ניט געוואוסט. יעצט ערשט, דער־צעהלט די תורה, אַז פֿון העלער־הויט, אָהן אַ פֿאַר־וואָס, אָהן אַ פֿאַר־ווען, קומט יהוה און זאָגט צו אברם'ן: לך לך מארצך וכו'. נעהמט אברם דאָס פעקעל און געהט, און ערשט, ווען אברם איז שוין אין כנען, ערפֿאַהרען מיר פֿון דער תורה, אַז אברם רופֿט צום ערשטען מאָל אין נאָמען פֿון יהוה, עפּעס וואָס איז שוין פֿיעל פֿריהער געטהאָן געוואָרען, נעמליך, נאָך אין די צייטען פֿון אנוש, דער זוהן פֿון אדם הראשון.

אַלזאָ, דעם גאָט יהוה האָט אברם ניט ענטדעקט.

דערפאַר אָבער האָט אברם אָבגעטהאָן אַ מיאוס שטיקעל אַר־בייט אין מצרים, אַזוי מיאוס, אַז דאָס פּנים מוז פלאַמען פאַר שאַנדע פון דעם אידען, וועלכער וויל, אַז זיין יחוס זאָל זיך דוקא אָנפאַנגען מיט אברהם׳ן.

הערט: גאָט שיקט איהם. ער געהט. ער געהט, ניט ווייל איהם פעהלט פּרנסה, ניין, ער איז אַן עושר. ער געהט, ווייל גאָט שיקט איהם. דערווייל, ווען ער קומט קיין כנען, און געפינט אויס, אַז דאָרט איז קיין ברויט ניטאָ, פערלאָזט ער זיך ניט אויף גאָט, וועלכער האָט איהם געהייסען געהן, נור ער געהט ווייטער, ביז ער קומט קיין מצרים. געקומען אין מצרים, געפינט ער אויס, אַז לויט דעם מנהג פון לאַנד, נעהמט דער קעניג צו זיך אין הארעם יעדע פרוי פון זיין לאַנד, וועלכע געפעלט איהם.

שרי איז געוועזן אַ שעהנע, אמת, און אַז דער העסליכער דעס־פּאָט זאָל זי וועלען האָבען ביי זיך, האָט אברם אויך פערשטאַנען. אברם האָט אָבער אויך פערשטאַנען, אַז לויט די רעליגיאָן פון די מצרים, טאָר דער הערשער ניט נעהמען קיין אשת־איש. און כדי איהר יאָ צו נעהמען, מאַכט ער די פרוי פאַר אַן אלמנה, דאָס איז איינפאַך, פּראַקטיש און די רעליגיאָן האָט ניט דאַגעגען. צו דעם אַלעמען האָט אברם צוגעשטימט, אַ חויז איין זאַך, ער האָט ניט געוואָלט, אַז זיין ווייב זאָל בלייבען אַן אלמנה.

נון, וואָס־זשע טהוט מען?

אַ איד, וועמען גאָט הייסט געהן, טהוט גאָרניט, נור ער פער־לאָזט זיך אויף גאָט. און אברם? אברם, וועלכער האָט ענטדעקט דעם בעשעפער פון הימעל און ערד, אברם, וועמען דער בעשעפער, דער אמת׳ער בעשעפער פון אַלע וועלטען, הייסט געהן, אברם, אונזער היסטאָרישער העלד, וועמען יהוה, בשעת ער הייסט איהם געהן, זאָגט איהם אויסדריקליך: גהה: ״ועשאך לגוי גדול״, איך וועל פון דיר מאַכען אַ גרויסען פאָלק—דיזער אברם דערמאָנט אפילו ניט יהוה, פערלאָזט זיך אויף איהם ניט, נור ארבייט אַליין אויס אַ פּלאַן, און וואָס פאַר אַ פּלאַן? זאָלען מיר דיזען שענדליכען פּלאַן, וועלכען אברהם האָט אויסגעאַרבייט אויס מורא פאַר׳ן טוידט, פון וועלכען ער האָט זיך אויסגעקויפט מיט דער שאַנדע

פון אונזער מאַמע שרה, זאָלען מיר דאָ די העסליכע געשיכטע ווידערהאָלען? אויס רעספּעקט צום לעזער וועלען מיר עס אויס־לאָזען.

איז אברם געווען אַ מאָראַלישׂ ריינער מענש, אפילו נאָך דעם בעגריף פון יענע אַלטע באַרבאַרישע צייטען?

דעם ליגנער האָט מען געהאַלטען פאַר אַן אונמאָראַלישען מענש, אפילו דאַמאָלס, ווען גנב'ענען איז נאָך געווען מאָראַליש.

אַז אַ ליגנער איז געשטאַנען נידריגער פון דעם, וואָס איז געווען אַ פייגלינג און אויך נידריגער פון דעם, וואָס האָט זיין אייגענע פרוי צוגערעדט צו פּראָסטיטוציאָן, קען מען זעהען דערפון, דאָס נאָך דעם, וואָס דיזע העסליכע געשיכטע ווידערהאָלט זיך אַ צווייטען מאָל, מיט אבימלך, דעם קעניג פון גרר, און נאָך דעם, וואָס דיזער דעספּאָט האָט אויך געהאַלטען שרי'ן ביי זיך איבער נאַכט, זאָגט דיזער דעספּאָט צו אברם'ס גאָט, ווען יהוה מאַכט איהם פאַר־ווירפע: „הלא הוא אמר לי אחתי הוא, והיא גם הוא אמרה אחי הוא בתם לבבי ובנקין כפי עשיתי זאת”, וועלכעס מיינט: האָט ער מיר ניט געזאָגט, אַז זי איז מיין שוועסטער, און זי אַליין האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז איהר ברודער, מיט אַן אונשולדיגעם האַרץ און מיט ריינע הענד האָט איך דאָס געטהאָן. הייסט עס, אַז צו נעהמען אין האַרעם אריין אַ פרעמדע פרוי האַרמאָנירט מיט ריינע הענד און אַן אונשולדיג האַרץ. דאַגעגען שרייט דיזער דעספּאָט צו אברהם'ן: „פאַרוואָס האָסטו אונז דאָס געטהאָן? פאַרוואָס האָסטו אונז גענאַרט?”

און כאָטש ביידע מאָל האָט אברם געזאָגט ליגען און בעגאַנגען בעטרוג, וויילען מיר דאָ איהם ניט רעכענען. איין ליגען אָבער האָט אברהם געזאָגט און אָבגענאַרט יהוה'ן אַליין, און דערפאַר זיינען מיר אויף איהם ברוגז.

אברהם איז שוין פון פיעלע קריטיקירט געוואָרען. זאָגט דאָך אַ פרומער שרייבער אין דער דזשואיש ענציקלאָפּעדיע, אַז אברהם איז אַ געמיש פון גרויסעס און קליינעס. נור מיר ווילען דאָ אָנצייגען אויף אַ פאַקט, וואָס איז, ווי אונז שיינט, ביז יעצט פערנאַכלעסיגט געוואָרען, אַ פאַקט, וואָס צייגט אונזער העלד איז אַ זעהר מיאוס'ן ליכט: אַ ליגנער פון „גאָט'ס גנאַדען”.

הערט און אורטהיילט:

ווען גאָט בעפעהלט, אַז שרי זאָל בייטען איהר נאָמען אויף "שרה", זאָגט ער איהר צו, אַז זי וועט האָבען אַ זוהן, פון וועמען עס וועלען אַרויסקומען קעניגע און פעלקער. און די תורה דערצעהלט ווייטער: "ויפל אברהם על פניו ויצחק, ויאמר בלבו הלבן מאה־שנה יולד ואם שרה הבת תשעים שנה תלד", דאָס מיינט, אַז אברהם האָט געלאַכט און אין הארצען געזאָגט: זאָל צו איינעם, וואָס איז הונדערט יאָהר אַלט, נאָך קינדער געבוירען ווערען?" און שפּעטער זאָגט שרה אַליין, אַז איהר האַר איז אַלט (ואדני זקן).

דאַכט זיך, קלאָר: אברהם, דער הונדערט־יעהריגער, לאַכט פון גאָט'ס פערשפּרעכען, אַז ער זאָל נאָך קענען ווערען דער טאַטע פון אַ קינד. און ווער האָט נאָך געקענט וויסען בעסער פון אברהם'ן גופא?

און מיר ווייסען דאָך דעם אמת, אַז אברהם איז קיינמאָל ניט געווען קיין גרויסער מפונק, ווייל ווען שרה שלאָגט איהם פאָר איהר דיענסט, הגר, פערשטעהט אברהם ניט קיין חכמות, נור ער נעהמט עס גאַנץ ערנסט. און דערפאַר האָבען מיר אַ רעכט צו גלויבען, אַז ווען אברהם לאַכט פון גאָט'ס צוזאָג, איז ער אויף ערנסט. הייסט עס, אַלט איז אַלט, אברהם איז אַלט, קיין האָפנונג אויף קינדער, פיהלט ער, איז ניטאָ מעהר.

מילא, אַז שרה ווערט טראָגעדיג, קענען מיר האַלטען פאַר בעגרינדעט דעם פערדאַכט, וואָס רש"י ברענגט, אַז די לצים פון יענער צייט האבען בעהויפּטעט, אַז שרה איז טראָגעדיג געוואָרען פון אבימלך'ן. און אויב ניט מיט אבימלך'ס כח, איז דאָס געווען מיט גאָט'ס כח. און עס צייגט אויס, אַז אברהם האָט געהאַט רעכט צו לאַכען.

ווען אברהם לאַכט פון יהוה'ס צוזאָג, לאַכט ער, ווייל ער בעטראַכט עס פאַר אַ פיזישע אונמעגליכקייט דאָס, וואָס יהוה זאָגט איהם צו. און דאַמאָלס, בשעת ער לאַכט, איז ער אַלט, לויט דעם חשבון פון דער תורה, גאַנצע הונדערט יאָהר.

שרה איז דאַמאָלס ניינציג.

ווען שרה שטאַרבט איז זי אַלט הונדערט און זיעבען און צוואַנציג יאָהר, אַזוי זאָגט די תורה. דערפאַר מוז אברהם אַלט

זיין, ווען שרה שטאַרבט, גאַנץ בעשטימט, ניט ווייניגער ווי הונ־
דערט און זיבעצן און דרייסיג יאָהר. יעדען מענש איז בעקאַנט, וואָס
פאַר אַ געוואַלדיגען חילוק עס מאַכען אין מעשליכען לעבען זיבעצן
און דרייסיג יאָהר, אפילו אין דער יוגענד. ווי געוואַלדיג איז אָבער
דער חילוק אין מענשליכען פיזישען לעבען, לאָמיר זאָגען, ווען ער
איז דרייסיג יאָהר און ווען ער איז זיבעצן און זעכציג; און דער
חילוק אין פיזישע כחות פאַר אַ מענשען פון הונדערט יאָהר איז
פון זעלביגען מענשען, ווען ער איז הונדערט און זיבעצן און דרייסיג
יאָהר, מוז געוויס זיין גרעסער, ספּעציעל אין געשלעכטליכער
הינזיכט.

אַלזאָ, אברהם האָט געלאַכט פון גאָט'ס צוזאָג, ווייל עס האָט
זיך געהאַנדעלט וועגען געשלעכטליכען לעבען, און אברהם, זייענדיג
הונדערט יאָהר אַלט, האָט געפיהלט די אונמעגליכקייט דערפון, אַזוי,
אַז ער האָט געלאַכט, גלייך ווי ער וואָלט מיט זיין לאַכען זאָגען:
"צו שפּעט דערמאָנט זיך, רבש"ע!"

און דער פון, וואָס אברהם האָט געלאַכט און געהאַלטען פאַר אַ
פיזישע אונמעגליכקייט, אפילו מיט גאָט'ס צוזאָג, ווען ער איז אַלט
געוועזען בלויז הונדערט יאָהר, האָט ער פאַלשטענדיג דורכגעפיהרט,
אָהן גאָט'ס צוזאָג און אָהן יהוה'ס הילפע, ווען ער איז אַלט געוועזען
מעהר ווי הונדערט און זיבעצן און דרייסיג יאָהר.

אָט וואָס די תורה דערצעהלט וועגען אברהם'ן נאָך דעם, וואָס
שרה איז געשטאָרבען.

"ויסף אברהם ויקח אשה ושמה קטורה"—דאָס מיינט, אַז
אברהם האָט, מיט מזל, חתונה געהאַט מיט אַ פרוי, וועלכע האָט
געהייסען קאַטערינאַ (אויף אונזער לשון).

און כאָטש יהוה מישט זיך ניט אריין, און כאָטש אברהם איז
זיבעצן און דרייסיג יאָהר עלטער, ווי ער איז געוועזען בשעת ער
האָט געלאַכט פון יהוה'ס צוזאָג, און כאָטש קיין יורש האָט שוין
ניט געפעהלט, זאָגט די תורה ווייטער: ותלד את זמרן, ואת יקשן,
ואת מדן, ואת ישבק, ואת שוח".

ווען מען האָט אברהם געגאַרט, ווען ער האָט געלאַכט פון דער
מעגליכקייט, אַז ער קען נאָך האָבען אַ קינד?

קען מען, מיט דיזען פאַקט פאַר די אויגען, זאָגען, אַז אברהם

איז געווען א מאָראַלישער מענש ?

נאָך מעהר, נאָך שרה'ס טוידט האָט דער הונדערט און זיעבען און דרייסיג יעהריגער מאַן גענומען עטליכע ווייבער. די תורה דערמאָנט א חוץ קטורה'ן נאָך קעבס־ווייבער.

אלזא, וואָס איז דער כאַראַקטער פון אברהם'ן?

מל זיין שטאַמט פון אברהם'ן. פרעגט זיך יעצט צי איז אברהם אזא פּערזאָן אויף וועלכער מיר קענען זיך פערלאָזען אז גאָט, דער בעשאַפער פון אלע וועלטען, האָט איהם און נור איהם אויסגעקליבען איבערצוגעבען אזא וויכטיגע זאך ווי דאָס מל־זיין ?

פאַר וועלכע מעשים־טובים ?

דער איד פון היינט איז מל זיין קינד וויל אברהם האָט מל געווען זיין קינד. איז די פראַגע :

איז אברהם ווירקליך געווען אזוי שטאַרק אויסגעצייכנעט רע־ליגיעז אז א מאָדערנער איד זאָל איהם נאָכגעהען אין זיינע רעלי־גיעזע וועגען ?

איז דער בעגריף וואָס אברהם האָט געהאַט וועגען גאָט געווען אזוי שעהן און ערעל ווי עס איז דער בעגריף פון דעם רעפאָרמירטען אידען איבער גאָט היינט ?

דער שרייבער בעהויפּטעט אז דער בעגריף וואָס אברהם האָט געהאַט וועגען גאָט איז אזוי נידריג ווי דער בעגריף איבער גאָט איז ביים נידריגסטען קאַניבאַל !

מיר בעהויפּטען אז פאַר'ן היינטיגען מענשען צו גלויבען אין א גאָט ווי אברהם האָט געגלויבט איז א שאַנדע פאַר'ן מענש און א בעליידיגונג פאַר'ן גאָט.

אלס בעווייז ברענגען מיר די עקדה.

.12

# וואָס בעווייזט די עקדה?

העלף ניט, און פערטיידיג ניט מ
שלעכטע טהאַט, ווייל עס מאַכט צו
גלויבען אַז דו וואָלסט אַליין אימ־
שטאַנדע געוועזן צו טהאָן דאָס וואָס
דו רעכטפערטיגסט אין אנדערע.
**א י ס אָ ק ר אַ ט.**

די עקדה בעווייזט צוויי זאכען:

1) אז רעליגיאָן קען פערוואנדלען א מענש אין א בלוטיגער בעסטיע, און 2) אז אברהם איז געוועזן און איז געבליבען א גע־צענדריענער, נאָך ערגער ווי זיין טאַטע תרח.

דער שרייבער פון דיזע ציילען גלויבט גאַנץ ערנסט, אז די געשיכטע פון דער עקדה איז פאַלש פערשטאַנען געוואָרען פון פערפאַסער פון דער געשיכטע, אויב ער איז ניט געווען אן אגענט פון אלהים אדער יהוה, און ער ווערט נאָך ביז היינט פאַלש פער־שטאַנען פון גלויביגען איד, ווען מען זעהט, ווי ער שטאַלצירט מיט עפעס, מיט וואס ער האט זיך גאָר געדאַרפט שעהמען.

די תורה אליין דערצעהלט, אז גאָט האָט געוואָלט אויספּרוביר־ן אברהם'ן. דאָס איז ריכטיג. מיר זיינען דערמיט איינפערשטאַנע. די פראַגע איז בלויז, וואָס האָט יהוה געוואָלט אין אברהם'ן אויס־פּרובירען? דאָס הייסט, וואָס האָט דער דערצעהלער פון דער בלו־טיגער לעגענדע געוואָלט בעווייזען?

דער ענטפער, דאַכט זיך, מוז זיין בלויז איינער, און, נעמליך, ער האָט געוואָלט בעווייזען און האָט אויך בעוויזען, אז אברהם איז געבליבען א געצענדריענער פון נידריגסטען סאָרט.

אָט זיינען די בעווייזע:

תרח, אברהם'ס טאַטע, איז געווען א געצענדריענער, און צו איינעם אָדער מעהרערע פון זיינע געטער האָט מען געבראַכט מענשליכע קרבנות.

אברהם האָט זיך אָבגעזאָגט פון דיזע בלוטיגע געטער און האָט

אנגענומען יהוה'ן פאר זיין גאט, ווייל יהוה האט מיט זיך פארגע־שטעלט א העכערען בעגריף פון א גאט, א מעהר מענשליכען, און בלויז איינער. אזוי האט אברהם פרעטענדירט, און יהוה האט זיך געוואלט איבערציינגען, צי האט ער טאקע אין אברהם'ן א מענשען מיט העכערע בעגריפע פון גאט, און ממילא שוין מיט העכערע מאראלישע בעגריפע. און וואס טהוט יהוה? יהוה טהוט דאס איינציגע, וואס לאזט זיך אונטער די אומשטענדען טהאן, נעמליך ער הייסט איהם ברענגען א מענשליכען קרבן. יע, נאך מעהר, דער קרבן מוז זיין זיין איינען קינד.

און דא האט אברהם געהאט די בעסטע געלעגענהייט צו בע־ווייזען, אז ער איז ווירקליך אוועק פון די בלוטיגע געצענדיענער. האט ער עס בעוויזען? געוויס ניט! עס איז נאריש צו גלויבען, אז דאס קינד פון א געצענדיענער זאל פלוצלינג אנהויבען צו גלוי־בען אין איין גאט. טויזענד, הונדערט־טויזענדער דורות זיינען נויטיג געווען פאר אזא אומביים. און דאס איז טאקי. וואס די עקרה בעווייזט. וואלט אברהם ווירקליך געווען א גלויבינגער אין א העכערען גאט, וואלט ער, ווען יהוה בעפעהלט איהם צו קוילען זיין קינד, געענטפערט מיט א פעסטען ניין! אברהם וואלט אויס־געשריען נאך העכער פון דער בעפעהלענדער שטימע: ניין, יהוה! אין קען דאס ניט טהאן! און ווייל איך קען דאס ניט טהאן, בין איך אוועק פון מיין לאנד, מיין היים, מיין משפחה! ווען איך זאל קענען צוזעהען, ווי מען איז מקריב א קינד צו גאט, האב איך גע־האט גענוג געטער אין בבל, צו וועלכע איך האב געקענט ברענגען מנשליכע קרבנות. איך האב אבער דיזע בלוטיגע טהאט ניט גע־קענט צוזעהען, און איך בין אוועק צו דיר, יהוה, גלויבענדיג, אז דו, דער אמת'ער בעשעפער פון הימעל און ערד, וועסט ניט פערלאנ־גען דאס בלוט פון א קינד, וואס איז ביי זיין מאמע דאס טהייער־סטע, וואס זי האט אין דער וועלט! און, אויב דו פערלאנגסט עס יע, איז אויס מיט אונז יהוה! דו, יהוה, ביזט ניט דאס, וואס איך זוך!

האט אברהם אזוי געענטפערט? ניין! ער האט ניט געקענט אזוי ענטפערען. ער האט, ווי א אמת'ער געצענדיענער, גענומען האלץ, שטריק, א שארפען מעסער, אדער שטיין, און געגאנגען קוילען

זיין קינד צום בעשעפער פון אלע וועלטען, גלויבענדיג, אז ער טהוט דא אויף א גרויסע זאך.

נאך מעהר, ווען יהוה האלט איהם אב פון דער שחיטה, קען דיזער געצענדיענער זיך ניט פארשטעלען א גאט אהן א בלוטיגען קרבן, און ער קוילעט א ציעג, אבי דעם גאט צופריעדען צו שטעלען.

אלזא וואס בעווייזט די עקדה?

די עקדה בעווייזט דאס אברהם, אויב ער האט עקזיסטירט, איז ניט געווען, און האט ניט געקענט זיין בעסער איידער אלע איבריגע מענשען פון זיין צייט, און דער וועלטענשעפפער האט דערפאר קיין שום אורזאך ניט געהאט איהם אויסצוקלייבען.

די עקדה צייגט אונז אויך אז א געצענדיענער ווי אברהם איז געווען, א געצענדיענער ביי וועמען א קינד קוילען פאר זיין גאט איז א קליינינקייט, אז אזא געצענדיענער האט לייכט געקענט אנ־נעהמען אזא בלוטיגען מנהג ווי מל זיין ביי אירגענד וועלכען ווילדען שבט מיט וועלכען ער, אלס נאמאד, איז נעקומען אין בעריהרונג. און דערביי ערענסט גלויבען אז זיין גאט האט דאס נויטיג.

און ווען אברהם זאל אויף זיך טראגען בלויז די שאנדע פון דער עקדה, וואלט דער מאדערנער איד געמוזט זיך מיט איהם שעהמען און פערווארפען דעם בלוטינען, שענדליכען, אזיאטישען מנהג פון מל זיין, בלויז ווייל ער שטאמט פון איהם.

## .13

# האט יהוה געקענט בעגייסטערען אברהם׳ן?

זוך קיין שכל ניט ביי גאט
יושר ניט ביי מענשען.

ל. ר.

אויב אברהם איז געווען בעסער ווי אלע מענשען פון זיין צייט, האט זיין גאט געמוזט זיין בעסער ווי אלע געטער פון זיין צייט.

איז ער דאס געווען?

האט יהוה געקענט בעגייסטערן אברהם׳ן?

אויב עס איז אמת, אז וואס פאר א גאט אזא מענש, איז אויך אמת, אז וואס פאר א מענש אזא גאט.

אויב אברהם איז נעווען א געצענדיענער, ווען ער האט זיך בעקענט מיט יהוה, איז יהוה געווען, בשעת ער האט זיך בעקענט מיט אברהם'ן, א גרויסער טפש.

הערט א חכמה פון א גאט!

אברהם האט געזאלט זיין דער פאטער פון א גרויסער נאציאן, בעשליסט ער דערפאר, אז זיין ווייב, שרה, זאל זיין אן עקרה, און ווען זי איז שוין נײַנציג יאהר, דערמאהנט ער זיך, אז אויב שרה וועט בלייבען אן עקרה, וועט ער בלייבען א ליגנער און...

און אז שרה האט שוין געהאט א קינד, ווער איז געווען דער פאטער?

אויף זיכער וועלען מיר ניט זאגען, טאקי ווייל אויף זיכער ווייס קיינער ניט, און בלויז דורך א געטליכער דומהייט.

ווען מען זאל זיך קענען פערלאזען אויף רש"י, וואלטען מיר יא געוואוסט, ווער עס איז געווען יצחק'ס פאטער, ווייל רש"י ניט אן אנצוהערעניש, אז יאקבי די לצים פון יענער צייט זאלען האבען געזאגט, אז שרה איז טראגענדיג געווארען פון אבימלך'ן.

וואלטען מיר רש"י'ן אויך ניט וועלען גלויבען, ווייל פון וואנען ווייס רש"י, וואס די לצים פון דאמאלס האבען געזאגט? איז אבער א פאקט, אז פונקט ווי מיאוס אברהם האט געהאנדעלט אין בעצוג צו אבימלך'ן, אזוי נאריש האט יהוה געהאנדעלט. אזוי נאריש, אז עס איז לייכט מעגליך, אז די לצים פון יענעם דור האבען געהאט רעכט, ווען זיי האבען געזאגט, אז שרה איז טראגענדיג געווארען פון אבימלך'ן.

הערט א געטליכע חכמה:

אבימלך נעהמט שרה'ן צו זיך. יהוה ווייסט דערפון און שווייגט.

ווען אבימלך האט צו זיך גענומען די שעהנע שרה, ווייסען מיר ניט. מיר ווייסען אבער, אז די נאכט האט זי פערבראכט ביי אבימלך'ן, און אז זי האט ביי איהם פערבראכט א גאנצע נאכט.

און וואס האט יהוה געטהאן?

דער חכם איז געקומען אנזאגען אבימלך'ן, ער זאל שרה'ן ניט אנריהרען. ווען? די תורה זאגט: "ויבא אלהים אל אבימלך בחלום הלילה", דאס הייסט, ער איז געקומען בעשיצען שרה'ן,

אונזער מוטער שרה'ן, ווען אבימלך איז שוין געשלאפען. האבען לצים פון יענעם דור ניט רעכט געהאט? געטליכער טפש! ביזט ראך געקומען צו שפעט! און האבען לצים פון יענעם דור ניט רעכט געהאט, ווען זיי האבען די פאטערשאפט פון יצחק'ן צוגעשריבען צו אבימלך'ן?

און ווי אזוי האט אברהם געקענט בעגייסטערט ווערען פון אזא נארישען גאט?

.14

# ווער איז אברהם געווען אין אמת'ן?

דער געדאנק, אז די קראפט וועלכע בעוועגט די פלאנעטען און מאכט די שטערן לייכטען איז איינגעגאנ־גען אין א קאנטראקט מיט א שאף־פאסטוך, וואלט געווען ערשטוינענד ווען אמת.

ספענסער.

איידער מיר גיבען איבער וואלנעי'ס זעהר אינטערעסאנטע מיינונג איבער דיזען ענין, ווילען מיר בעמערקען, אז לויט דער תורה זעהט אויס, אז אברהם איז געווען דער הויפט פון א פאסטוך־פאמיליע פון די נאמאדען, אדער א הויפטלינג פון א בעדואינען שבט פון פאסטוכער, וועלכע פלעגען בעשטענדיג וואנדערען.

לויט דער תורה קען מען מיט בעשטימטהייט ניט זאגען, וואס פאר א כאראקטער אברהם האט געהאט. איינמאל ערשיינט ער פריי און ווילד, איינמאל גרויס און ערהאבען, איינמאל מיזעראבעל קליין און העסליך. אנאנדערש מאל רייך און קרעמעריש. אלס פרייער בעדואין און ווילד. ציינט ער זיך ארוים בשעת ער און לויט ווערען רייך, זייערע סטאדעס פערמעהרען זיך און עס ווערט ענג פאר ביידע. דאמאלס זאגט אברהם צו לוט'ן: „אויב דו געהסט רעכטס, וועל איך געהן לינקס, און אויב דו געהסט לינקס, וועל איך געהן רעכטס. ליגט ניט דאס גאנצע לאנד פאר אונז?"

דאס מיינט, פראסט, וואס געהען אונז אן די געזעצע פון די כנענים און פרזים (וועלכע האבען דאמאלס בעוואוינט דאס לאנד), געה דו, וואוהין דיר געפעלט, איך וועל געהן, וואוהין מיר געפעלט.

און ווערען עס געפעלט ניט, דער מעג געהן ווייטער.

גרויס און ערהאבען איז ער, ווען ער העלפט א שוואכען צד און ווייזט גרויסמוטהיג צוריק דעם אנגעבאטענעם לויז, ווי עס ווערט דערצעהלט אין בראשית י"ד. גרויס און ערהאבען איז ער, ווען ער פרעגט ביי גאט, וועלכער געהט פערוויסטען סדום: "האף תספה צדק עם רשע?"

שרעקליך קליין און פייג ערשיינט ער, ווען ער בעשיצט זיין לעבען דורך פאלשקייטען און שרה'ס עהרע.

אט וואס דר. טוי, אן אויטאריטעט אין העברעאישער געשיכ־טע, זאגט אין דער דזשואיש ענציקלאפעדיא וועגען אברהם'ן:

"איז פאראן א קערענדעל היסטארישער אמת אין דער גע־שיכטע פון אברהם'ן? עס איז קלאר, אז זי ענטהאלט פיעל לע־גענדארישעס. די געשיכטעס פון לוט, חגר און קטורה זיינען ענ־טהאלאגישע (ראסען־אייגענטימליך) מיפען.

די ערצעהלונגען פון די געטליכע ערשיינונגען און די צושטע־רונג פון סדום און עמורה זיינען לעגענדען. ברית־מילה האבען די אידען ניט איינגעפיהרט, ווי עס ווערט דערצעהלט.פון אברהם'ן.

די מעשה פון דער עקדה איז א פראדוקט פון די צייטען, ווען די אידען האבען שוין געהאט א קעניגרייך.

אברהם'ס משפחה איז בלויז א פערזאניפיצירונג פון שבטים און אלע פארגענגער פון נח'ן און די נאכקאמען ביז יעקב'ן זיינען מיפישע אדער לעגענדארישע פערזאנען.

די ביאגראפיע פון אברהם'ן, ווי די תורה גיט זי איבער, מעג וואהרשיינליך בעטראכט ווערען, אלס א לעגענדע.

דאך קען זיין, אז דער נאמען ענטהאלט אין זיך עפעס פון א היסטארישען פאקט, נור די פאקטען זיינען אזוי קליין, אז די גאנצע פראגע איז דונקעל, און אויב מען קומט צו עפעס א שלוס, מוז עס זיין געשטיצט בלויז אויף פארמוטונגען".

וואלנעי זאגט, אז אברהם איז א מיטהאלאגישע פיגור.

עס איז זיכער, אז דאס אריגינאל פון אברהם'ן איז צו זוכען צווישען די שטערן פון הימעל. יא, פון א פלאנעט אדער זון איז מיט דער הילף פון אבערגלויבען און אונוויסענהייט געווארען "אברם", וואס בעשטעהט פון צוויי ווערטער "אב און רם", וועל־

כעם אויף אונזער לשון מיינט פשוט דער ״דערהויבענער פאטער״, אדער דער ״פאטער פון אויבען״.

ברענגענדיג די מיינונגען פון די עלטעסטע געשיכטס־שרייבער, קומט וואלנעי צו פאלגענדען שלום:

״אז מיר אונטערזוכען די אלע בעשרייבונגען, געפינען מיר, אז זיי קומען, פונקט ווי די מעשה פון מבול, פון אלטע קוועלען, פון וואנען ספר בראשית האט זיי גענומען. נור אזוי ווי זיי טראגען אין זיך דעם כאראקטער פון מיטהאלאגיע, ערוועקען זיי אין אונז א צווייפעל וועגען אברהם׳ס עקזיסטענץ, אלס א מענשליך וועזען.

אין אמת׳ן, אזוי ווי דער כאלדעאישער מבול איז בלויז אן אסטראלאגישע דיכטונג, טו וואס ווערט פון די פערזאנען און דורות, וועלכע זיינען די נאכפאלגער פון א פאסירונג, וועלכע האט קיינמאל ניט פאסירט?

ווען היינטיגען טאג זאל א מבול צושטערען די גאנצע מענש־ליכע ראסע, איבערלאזענדיג בלויז אכט פערזאנען, וואלטען דייע עטליכע מענשען געהאט אזוי פיעל צרות צו קריגען עסען פאר זיך, אז אין דריי דורות וואלטען אלע געווען צוריק פערווילדעט. און ניט קיין שרייבען וואלט זיי אין זינען געלעגען, און אויך ניט ראס אנזאמלען פון אלטע מאנומענטען און טראדיציאנען.

אפילו צווישען ציוויליזירטע נאציאנען, וויים קיינער ניט אהן שריפט, וואס עס איז געווען מיט זעקס דורות צוריק.

״ווי אזוי־זשע איז מעגליך געווען אויפצובעוואהרען די בעשריי־בונג פון די דורות פון אברהם׳ן? ספעציעל די אידען, וועלכע האבען אפילו ניט פערשטאנען צו האבען א רעגעלמעסיגע היסטאריע ניט פון דער צייט פון די שופטים און ניט פון דער צייט ווען זייערע עלטערן זיינען געווען אין מצרים?

די מעשה פון אברהם׳ס אבשטאמונג געהערט ניט צו זיי, עס איז געבארגט פון די כאלדעער, עס איז אין גאנצען כאלדעאיש. און ביי די כאלדעער געהערט עס צו די מיטהאלאגישע צייטען, פונקט ווי דער מבול און די ריעזען, מיט וועלכע אברהם איז געווען פער־בונדען.

מיר זיינען געוואוינט צו בעטראכטען אברהם׳ן, אלס א פער־זאן, און מיר ווערען פערציטערט, ווען מען זאגט אונז צום ערשטען

מאָל, אַז דאָס איז גאָר אַן אויסגעטראַכטע און אַלעגאָרישע פּערזאָן, און ניט מעהר, ווי דער פּערזאָניפיצירטער געניוס פון אַ פּלאַנעט.

דאָס איז אָבער דער אמת ניט נור מיט אברהם'ן, נור מיט אַ גאַנצע מאַסע קעניגע, פּרינצען און פּאַטריאַרכען פון דער אַלטער טראַדיציאָן פון מזרח.

ווער גלויבט ניט, אַז ״הערמעס״ (דער גריכישער גאָט פון גנבים און סוחרים), איז געווען אַ חכם, אַ פילאָזאָף, אַ גרויסער אַסטראָנאָם ביי די עגיפּטער? דאָך, ווען מען אונטערזוכט גענוי, געפינט מען אויס, אַז הערמעס איז דער פּערזאָניפיצירטער געניוס פון דעם שטערן סיריוס און אַמאָל פון דעם פּלאַנעט מערקיור.

ווער וואָלט ניט געגלויבט, אַז די זיעבען פּאַטריאַרכען פון די הינדוסער זיינען געווען הייליגע בעלי־תשובה? און דאָך זיינען ריעזע זיעבען בעלי־תשובה די זיעבען שטערן פון דעם שטערנ־בילד ״בער״.

״האָבענדיג פּערזאָניפיצירט די הימלישע קערפּער, האָבען די מזרח־פעלקער, דורך די נאַטירליכע שפּראַכבילדליכע אויסדריקע פון זייער שפּראַכע, אריינגעבראַכט אַ צווויידייטיקייט און אַ גרויסע אונאָרדנונג אין זייערע אידעען, וועלכע איז פערגרעסערט געוואָרען פון טאָג צו טאָג דורך דער אונוויסענהייט פון אָבערגלויבען פון די גלויביגע און דורך דעם געדאַנקען־שפּיעל פון פּאָעטען. און עס איז דערפאַר קיין וואונדער ניט, וואָס אברהם, אַ כאַלדעאישער קעניג, פּאַטריאַרך און אַסטראָלאָגער, ווען ער ווערט אַנאַליזירט אין זיין האַנדלונג און אין זיין כאַראַקטער, זאָל זיך גאָר צייגען צו זיין דער געניוס פון אַ שטערן אָדער פּלאַנעט״.

וואָלנעי ברענגט אַ מאַסע בעווייזע צו אונטערשטיצען זיין בע־הויפּטונג. מיר וועלען דאָ ברענגען בלויז איינעם. ער זאָגט:

״לאָמיר הערען, וואָס סאַנקאָניאַטהאָן, וועלכער האָט געשריבען אַרום דרייצעהן הונדערט יאָהר פאַר קריסטוס'ן, האָט צו זאָגען. ״סאַטורן, וועלכער הייסט ביי די פעניציער, ישראל, האָט געהאַט פון אַ נאַטור־געטין אין וואַלד, בארג אָדער וואַסער (נימף) אַ קינד, אַ זוהן, וועלכען ער האָט גערופען ״יחיד״, דאָס הייסט, איין איינ־ציגער (דער לעזער מוז געדענקען, אַז גאָט רופט יצחק'ן ״יחידך״) און ווען אין לאַנד האָט אויסגעבראָכען אַ מלחמה און די געפאַהר

צו פערלירען איז געווען גרויס, האָט סאַטורן אויפגעבויט אַ מזבח. האָט איהם בעקליידט אין קעניגליכע קליידער און האָט איהם מקריב געווען".

פון דיזער לעגענדע איז ענטשטאַנען די עקדה.

ס'איז דאָ ווערטה צו בעמערקען אַז די מאַחמאַדאַנער גלויבען אַז ישמאל איז געפיהרט געוואָרען צו דער עקדה, ניט יצחק.

.15

## המול לכם כל זכר. *)

סוד יהיה ליראו
ובריתו להודיעם.

תהלים.

דאַס איז דער בעפעהל פון מעכטיגען וועלטענשעפפער צו אַ הילפלאָזען, שוואַכען פּאַסטוך.

אַז אברהם זאָל האָבען עקזיסטירט זיינען קיין שום בעווייזע ניט פאַראַן.

אַז אברהם און שרה זיינען מיטהאָלאָגישע פיגורען איז זעהר וואהרשיינליך.

צוגעגעבען אָבער אַז אברהם האָט עקזיסטירט, איז זיין כאַראַקטער זיכער ניט געווען אַזעלכער אַז אַ מאָדערנער איד זאָל מיט איהם שטאָלצירען, פיעל וועניגער איהם נאָכטהאָן אין עפּעס וואָס יענער האָט מיט פיער טויזענד יאָהר צוריק געטהאָן.

און דאָך! דער מאָדערנער איד טהוט נאָך אַן אַלטען אַראַבער אין איינעם פון זיינע אונזיניגסטע און בלוטיגסטע מנהגים.

און אַ בלוטיגען מזל האָט דיזער בלוטיגער מנהג! ענטשטאַנדען צווישען ווילדע און ווערט פאַרהייליגט צווישען ציוויליזירטע!

ווייל בלוטיג, העסליך, באַרבאַריש, גרויזאַם, שענדליך, אַזיאַטיש, אַלט, אונמענשליך, נאַריש, ווי דיזער מנהג איז, האַלט ער זיך פונדעסטוועגען ניט נור צווישען גלויביגע אידען, נור אויך צווישען אַזעלכע, וועלכע זיינען אין אַנדערע הינזיכטען פון רעליגיאָן ניט מעהר אַזיאַטיש.

*) זעה מסכתא עבודה זרה.

מיר טרעפען מענשען צווישען די אידען, וועלכע גלויבען ניט אין גאט מעהר, דאווענען ניט, האבען שוין לאנג פערוואָרפען דעם גאנצען אונערטרעגליכען פאק מיט אידישקייט, נור דאס איינע, ווען א קינד ווערט געבוירען און צופעליג פון מענליכען געשלעכט, קענען זיי ביי זיך ניט פועל'ן צו בעזיעגען די פייגהייט, און ניט מל זיין דאס קינד.

דער אידישער גאט פערלאנגט בלוט, און דאס קליינע אונשולדיגע עופה'לע, וואס האט געהאט דאס אונגליק געבוירען צו ווערען ביי א פייגען טאטען, א מיטגליעדער פון א פאלק, וועמען מען האט אנגעהאנגען א בלוטיגע, אזיאטישע רעליגיאן מיט א נארישען, טיראנישען גאט, דיזעס עופה'לע מוז ליידען.

צווישען די בלוטיגע געמיינהייטען, וועלכע די קריסטליכע פעלקער האבען בעגאנגען געגען אידען, איז ני טפאראן קיין געמיינערע, קיין בלוטיגערע, ווי די געמיינהייט פון עלילת־דם. וויפיעל אידישע בלוט און טרערען זיינען פערגאסען געווארען דורך דיזען שענדליכסטען פון אלע שענדליכע בלבלים, וואס א מענש האט ווען עס איז געמאכט אויף א צווייטען! און ווער קען אויסרעכענען, וויפיעל דער בלוטיגער מנהג פון ברית־מילה איז שולדיג אין דיזע אונשולדיג פערגאסענע בלוט און טרעהרען?

און דער מאדערנער איד, אנשטאטט ער זאל דיזען אזיאטישען מנהג פון זיך פערווארפען, האלטען איהם גאר פאר דאס סאמע וויכטיגסטע אין דער אידישער רעליגיאן. א יסוד הדת.

און וואס זאגט דערצו דער געבילדעטער איד?

ער, אנשטאט אויפצוקלערען דעם גלויבינגען אידען און איהם אויפציינגען דאס גאנצע העסליכקייט פון דיזען בארבארישען מנהג, דערצעהלט איהם נאר, אז עס איז גאר וועגען געזונדהייט, און דער גלויביגער גלויבט. ער האט קיין שכל ניט צו פרעגען. ווייל, ווען יא, וואלט ער דעם געבילדעטען היפאקריט געפרעגט אט וואס:

אויב מל זיין האט עפעס א שייכות מיט געזונדהייט, דאן מוז דער איד, מיט דער אויסנאהמע פון טערק, זיין דער געזונדסטער מענש אין איירָאפא. איז ער דאס? ניין! ניט נור איז ער ניט דער געזונדסטער, נור, פערקעהרט, ער איז פיזיש דער שוואכערער פון אלע איבעריגע.

דער איד האלט זיך מיט דיזען שענדליכען מנהג, ווייל אן אזיא־טישער גאט, דום ווי אן אקס און בלוטיג, ווי א טיגער, האט בע־פוילען: ״חמול לכם כל זכר״ (בראשית י״ז).

ווען דיזער מנהג וואלט געווען בלויז ביי אידען, וואלט מען אפשר געקענט גלויבען, אז ער שטאמט דירעקט פון גאט. און אפילו דאן וואלט דער גלויביגער, וועלכער איז ניט קיין פייגלינג, געקענט פרעגען, צו וואס איז דיזער בלוטיגער אקט נויטיג? פאר וואס פערשאפען שמערצען אן עופה׳לע? ווי גראמט זיך בלוט פערגיסען מיט אן ״אל מלא רחמים״? אויב די ״פארהויט״ איז א שענד־ליכע זאך, צו וואס האט דער וועלטען־בעשעפער בעשאפען דיזע שאנדע? איז דאך אדם געווען א פראדוקט פון זיינע געטליכע הענד, און דאך איז ער געווען אן ״ערל״! איז די ״ערלה״ שעדליך, אונ־געזונד, צו וואס האט זי איהם אין גאנצען געטויגט?

דער אמת אבער איז, אז דיזער בלוטיגער מנהג איז עלטער, ווי דאס אידישע פאלק און איז געווען פערשפרייט צווישען אלע ווילדע און האלב־ווילדע פעלקער און איז עס נאך היינט אויך אזוי.

דער מנהג פון מל זיין איז פראקטיצירט געווארען אין מצרים נאך איידער די אידען זיינען דארט געווען און ווערט נאך היינט אויך דארט פראקטיצירט.

מען האט אמאל אנגענומען, אז מל זיין שטאמט פון מצרים, נייר מען האט דיזען העסליכען מנהג געפונען ביי כמעט אלע פרימיטיווע פעלקער אין אלע טהיילען פון דער וועלט, וועלכעס צייט אן אונ־אבהענגיגע ענטשטעהונג.

אלע פעלקער פון פאלעסטינא, א חוץ די פלישתים, האבען גע־האט דיזען מנהג.

ביי די אראבער איז דיזער מנהג שוין געווען אזוי אלט, אז אין דער צייט, ווען דער קאראן איז פערפאסט געווארען, האט מען דיזען מנהג אפילו ניט געפונען פאר נויטיג דארט אריינצושטעלען כדי איהם צו געבען א געטליכע הסכמה.

אפילו אין אמעריקא (ביי די אינדיאנער) און אין אויסטרא־ליען איז דיזער מנהג שטארק פערשפרייט.

דער מנהג איז איבעראל דערזעלבער, נור די צייט איז שטארק פערשיעדען. בלויז עטליכע שבטים פון ווילדע אינדיאנער, וועלכע

וואוינען אין זיד אמעריקא, זיינען מל זייערע קינדער פונקט ווי די אידען, צום אכטען טאָג נאָך דער געבורט.

ביי די מייסטע פעלקער ווערט דער ברית־מילה געפראוועט, ווען דאס קינד ווערט געשלעכטליך רייף, אדער פאר דער חתונה. און אין דיזען פאקט וועלען מיר געפינען א שליסעל צום ענטפער פון וואנען עס שטאמט דער מנהג פון מל זיין.

.16

## ווי אלט איז דער מנהג פון מל זיין?

די דומהיים איז אליין
אלט אזוי ווי גאָט
דאָך דער מנהג האָט
זיין געבורט געזעהן. ל. ה.

אויב אברהם איז געווען דער ערשטער מענש וואס האט זיך ערנידרינגט צו דיזען בלוטיגען שטיק עבודה־זרה, דאן מוז דיזער מנהג אלט זיין ניט מעהר ווי פיער טויזענד יאהר.

דיזער מנהג איז אבער פיעל עלטער.

ווען עס זאל קיין אנדערע בעווייזע ניט זיין, ווי דאס בלוטיגקייט, זינלאזינקייט, גרויזאמקייט און ווילדקייט פון דיזען בלוטיגסטען פון אלע בלוטיגע, אלטע מנהגים, וואלט דאס אליין גענוג געווען צו בעווייזען אז דיזער מנהג מוז שטאמען פון א צייט ווען דער מענש איז נאָך געווען נאר ווילד.

אין דער צייט אין וועלכער אברהם האט געלעבט, איז דער טהייל פון אזיען וואו ער האט געלעבט, שוין לאנג געווען ארויס פון ווילדען צושטאנד.

ל. ה. מארגאן אין זיין גרויסען ווערק "אלטע געזעלשאפט" זאגט אויסדריקליך אז דער צושטאנד פון דער געזעלשאפט אין דער צייט פון אברהם איז געווען דער "העכערער צושטאנד פון בארבאריי".

אברהם, אלזא, האט געלעבט אין א האלב־ציוויליזירטער געזעלשאפט, און זייענדיג, פיליכט אינטעלעקטועל עפּעס העכער פון דעם דורכשניטס מענש פון זיין צייט, איז ער געווען כמעט א ציוויליזירטער מענש.

און א ציוויליזירטער מענש וועט אזא שענדליכען, בלוטיגען

בעפעהל ניט אננעהמען אפילו פון א גאט.

סטייטש, וועט דער לעזער געוויס פרעגען, אויב ס'איז אמת אז א ציוויליזירטער מענש וועט אזא בלוטיגען מנהג ניט אננעהמען, ווי זשע קומט עס וואס דער איד פון היינט האלט זיך מיט דיזען מנהג?

קען מען זאגען אז דאס אידישע פאלק איז ניט ציוויליזירט?

איז דער ענטפער, אז א נ נ ע ה מ ע ן א מנהג איז ניט דאס־זעלבע וואס נ א כ פ א ל ג ע ן א מנהג וועלכער קומט פון דור דורות און איז בעפוצט מיט דעם הייליגען שימעל פון אלטקייט.

מיר וועלען עפ פרואווען בעווייזען.

דער איד האט ניט געוואלט און ניט געקענט גלויבען אז מרים. דעם טישלער'ס כלה האט געהאט א קינד מיט דער הילף פון הייליגען גייסט און איז געבליבען א בתולה.

פארוואס?

האט ניט דערזעלביגער איד געגלויבט אז בלעם'ס עזעל האט גערעדט?

איז דאס רעדען פון א פיער־פיסיגען עזעל א קלענערער וואונדער ווי דאס בלייבען א בתולה נאך דער געבורט פון א קינד?

געוויס איז איין דומהייט אזוי גרויס ווי די צווייטע, ניט מעהר די נארישע געשיכטע פון עזעל קומט ארונטער צום אידען פון דור דורות, דער הייליגער שימעל פון אלטקייט רוהט אויף דיזער נארישער געשיכטע, און דער איד גלויבט.

דאס קריסטענטום אבער, אדער דעם גלויבען אין דער הייליגער מאמע, כאטש ניט קיין גרעסערע דומהייט איידער דער רעדעוודיגער עזעל, האט דער איד ניט געוואלט אננעהמען און בלויז דערפאר ווייל ער האט געדארפט "אננעהמען" און ניט בלויז נאכפאלגען.

צווייפעלט אימיצער אז ווען יעזוס'ס געבורט ווערט דערצעהלט אין דער תורה אז דער איד וואלט אין איהר געגלויבט?

גלויבט ער דאך אזוי פעסט אין די אונצעהליגע אונמעגליכקייטען וואס דארט געפינען זיך!

אפילו דער עגל־הזהב איז אויך א בעווייז פאר א:נזער בע־הויפטונג.

ווען א קאלב אלס א גאט וואלט געווען א נייע זאך, וואלטען די אידען עס טאקע, אפשר ניט אנגענומען. דאס קאלב אלס א גאט, אבער איז ביי די אידען קיין נייעס ניט געווען.

דאס געטליכע קאלב האבען די אידען געקענט נאך פון מצרים. און עס דערפאר באלד אנערקענט.

לאמיר זוכען בעסערע בעווייזע.

מיר ווען אננעהמען אז אברהם איז געווען דער ערשטער מענש זיך מל צו זיין.

לאמיר יעצט זעהען ווי דאס הארמאנירט מיט די פאקטען וואס רינגלען ארום די ערשטע בעשניידונג.

גאט זאגט צו אברהם׳ן ״המול לכם כל זכר. ונמלתם את בשר ערלתכם״, וועלכעס מיינט אלע מענליכע צווישען אייך זאלען בע־שניטען ווערען און איהר זאלט בעשניידען דאס פלייש פון אייער פארהויט״.

און נאך אין זעלביגען טאג פיהרט אברהם אויס די נויטיגע אפעראציאן אויף זיך און אויף אלע מענער וועלכע זיינען מיט איהם אייגענע און געקויפטע.

יעצט, אויב מל זיין איז געווען א זאך וואס אברהם האט גע־הערט צום ערשטען מאל פון גאט׳ס מויל, ווי קומט עס וואס ער האט געוואוסט באלד וואס און ווי אזוי דאס צו טהון? *)

ווען גאט הייסט איהם שניידען, וואונדערט זיך אברהם גארניט, פרעגט ניט פארוואס, צוואוואס, ווי אזוי, נור כאפט און שניידט!

איז א שניט אין א גליעד וועלכעס איז פון כמעט דער גאנ־צער האלב־ווילדער, ווילדער, האלב־ציוויליזירטער וועלט פארגע־טערט געווארען, געווען אזא געוועהנליכע זאך און אברהם׳ס צייט אז ער האט אפילו ניט געוואונדערט זיך? ניט געפערגט ווי אזוי צו שניידען?

איז דאך דיזער גליעד פון אברהם׳ן אליין פארהייליגט גע־ווארען!

מוזען מיר ניט קומען צום שלום אז דיזע אפעראציאן איז פאר

---

*) זעה מסכתא שבת דף ק״ת.

אַבֿרָהם׳ן קיין נייעס ניט געווען?
נאך א בעווייז.
ווען דינה ווערט פאַרגעוואַלטיגט פון שכם און ווען זיין פאַטער שלאָגט פאָר אז דינה זאל ווערען זיין שנור, זאָגען צו איהם יעקב׳ס זיהן אז זיי וועלען עס טהון נור דאן ווען אלע זייערע זכרים וועלען זיך מל זיין.
און ניט פיעל געטראַכט איז זיך מל די גאַנצע שטאָדט זכרים.
יעצט פרעגט זיך פון וואַנען האָט דער געצענדיענער חמור, זיין זוהן שכם, די גאַנצע שטאָדט געצענדיענער, פון וואַנען האבען זיי געוואוסט וואָס און ווי אַזוי צו טהון? קיינער וואונדערט זיך ניט אויף דעם זאָנדערבאָרען אַנפאַל, און עס איז דאך זיכער אז זאָנדערבארע זאך, דאָס מל זיין, פאָר איינעם וואָס הערט עס צום ערשטען מאָל.
און דאָ, אין דער גאַנעצר שטאָדט, פרעגט קיינער ניט קיין קשיות, מען האָט בעפוילען שניידען, שניידט מען.
שכם, חמור און די גאַנצע שטאָדט האבען דאך נאך קיין מאָל ניט געהערט דערפון?
ווייל אין דער גאַנצער וועלט זיינען דאך געווען בלויז גע־צעהלטע עטליכע גע׳מל׳טע מענשען?
און דאך איז דער פערלאַנג, מל צו זיין א גאַנץ פאָלק, ביי קיינעם קיין נייעס ניט!
וואָלט דאָס מעגליך געווען ווען מל זיין איז ביי שכם, חמור און די איבריגע א נייע זאך?
עפּעס וואָס זיי הערען צום ערשטען מאָל?
איז ניט גלייכער צו זאָגען אז נאך דעם וואָס אברהם הערט עס און וואונדערט זיך ניט און פרעגט ניט קיין קשיות, און נאך דעם וואָס שכם וואונדערט זיך ניט, חמור, ניט, די גאַנצע שטאָדט וואונדערט זיך ניט, אז דער מנהג פון מל זיין, ווען די אלע הערען איהם, איז שוין אַן אַלטער?
יעצט וועלען מיר איבערגעהן צו זיכערע בעווייזע:
מאָריץ עבערס, פּראָפעסאָר פון עגיפּטאָלאָגיע, אין לייפּציג, גראָבענדיג און פאָרשענדיג אין די אַלטע קברים פון מצרים אין לעצטען יאהרהונדערט, האָט דאָרט ענטדעקט אינטערעסאַנטע פאַקטען.

די סטאנדארד ענציקלאפעדיע ריידענדיג וועגן מל זיין ציר־טירט עבערס'ען און זאגט:

"מל זיין איז שטארק פערשפרייט צווישען אריענטאלישע נאציאנען. און דריי טויזענד יאהר פאר קריסטוס'ן איז דיזער מנהג בעקאנט געווען אין מצרים, וואו קינדער פון מענליכען געשלעכט פלעגען גע'מל'ט ווערען צווישען זעקסטען און פיערצעהנטען יאהר.

די ברית־מילה צערעמאניע איז אויסגעקריצט אויף א וואנט אין א טעמפעל פון דער שטאדט קארנאק, (דיזער טעמפעל איז פון דער צוועלפטער דינאסטי און מוז דערפאר אלט זיין ווענינגסטענס פיער טויזענד יאהר. ל. ר.) און עבערס האט דערפון געמאכט א צייכנונג. און זעצט צו אז אלע "מומיעס" (איינבאלזאמירטע קערפער פון טוידטע הערשער) זיינען געפונען געווארען גע'מל'טע.

ס'איז דא ווערטה צו באמערקען אז רעוו. סעהז, פראפעסאר פון אסיריאלאגיע אין דער אוניווערזיטעט פון אקספארד, אין זיין גרויסען ווערק "בבל און אשור" זאגט אין דריטען קאפיטעל אז ס'איז צווייפעלהאפט צי דער מנהג פון מל זיין האט עקזיסטירט אין בבל ווען אברהם איז דארט געווען. (באסקאווען זאגט אז יע. ל. ר.). (ווער פון די לעזער עס האט די מעגליכקייט דיזען ווערטה־פאלען בוך צו לעזען זאל עס אונבעדינגט טהון).

דער פאקט וואס צפרה מאכט די אפעראציע פון מל זיין אויף איהר קינד מיט א שטיין, צייגט דאס אלטקייט פון דיזען מנהג.

ריידענדיג איבער די רעליגיאנען פון אלטען אמעריקא, זאגט דזש. מ. ראבערטסאן פאלגענדעס: *)

"אויף איינעם פון די הויכע בערג פון מעקסיקא איז דער מענשליכער קרבן אוועקגעלעגט געווארען און א פריסטער האט מיט א שטיין אויפגעשניטען די ברוסט פון לעבעדיגען קרבן. דער שטיין, דאס איז דאס מעסער וואס איז געברויכט געווארען איידער מענשען האבען נאך פערשטאנען דעם געברויך פון מעטאל, און דערפאר אמת רעליגיעז. דאן האט ער אויסגעריסען דאס נאך צאפעלדיגע

---

*) זעה רעליגיעזע סיסטעמען פון דער וועלט, זייטע 363).

האריץ און עס האלטענדיג הויך קעגען דער זון האט ער עס מיט קטורת פארברענט און מיט דעם בלוט האט ער, מיט אן ערנסטער רעליגיעזער צערעמאניע (עבודה!), בעשמיערט די ליפען פון גאט און זיין היילינען ארון".

.17

## ווי אַזוי איז ברית-מילה ענטשטאַנדען?

פעלקער, וועמעס געטער זיינען גע־
ווען זייערע פארגעטערטע, קאַניבאַ־
לישע אבות האָבען די בלוטיגסטע
רעליגיעזע צערעמאָניעס.

ס פ ע נ ס ע ר.

זיכער איז, אז דיזער מנהג איז שוין זעהר אלט און ער איז שוין געווען איינגעפיהרט נאך דאמאלס, ווען דער מענש איז נאך ארומגעלאפען נאקעט און דער שטיין איז געווען א טהייל פון זיין געצייג.

וואס דער גרונד פון דיזען מנהג איז, זיינען די פארשער פון דער אלטער מענשליכער קולטור ניט איינשטימיג, וועלכעס מיינט, אז קיין פאזיטיוועס ווייס מען ניט.

מאנכע גלויבען, אז דאס איז בלויז א צייכען פון א געוויסען שבט, פונקט ווי דאס פערקריפלען פון אנדערע קערפער־טהיילען. אנדערע גלויבען, אז דאס מל זיין איז א פערבלייבעכטס פון דער צייט, ווען מען פלעגט מקריב זיין מענשליכע קרבנות צו די געטער.

מאנכע ווילען האבען, אז עס שטאמט דערפון, וואס דער וויל־דער מענש האט געגלויבט, אז דיזע אפעראציע איז א סגולה צו האבען פיעל קינדער, אין וועלכע דער פרימיטיווער מענש האט זיך אזוי שטארק געגויטיגט, אז אפילו דער וועלטען־שעפפער קען קיין בעסערע זאך ניט צוזאגען אברהם, יצחק און יעקב, ווי אז זייערע קינדער וועלען זיין ווי זאמד ביים ים. א טהייל גלויבט, אז דאס איז פון ריינליכקייט וועגען. פיעלע מאדערנע דאקטוירים גלויבען, אז דאס איז פון געזונדהייטס וועגען, און מאנכע פארשער גלויבען, אז דאס איז געווען א פארבערייטונג צו דער חתונה, ווייל מען

פלעגט מל זיין קינדער פוןביידע געשלעכטער, און פונקט צו דער צייט פון געשלעכטליכער רייפקייט, אדער פאר דער חתונה.

וואלטער האט זיין אייגענע ערקלערונג. דער לעזער וועט זי געפינען אין נעקסטען קאפיטעל.

דאס וויכטיגסטע פון דער פראגע איז אבער ניט, זייט ווען די ווילדע פעלקער טהוען דאס, נור ווי לאנג וועט עס נאך א ציוויליזירט פאלק, ווי די אידען, טהאן ?

א חוץ קרבנות איז דאס דער שענדליכסטער מנהג, וואס אידען האבען. און דאס שענדליכסטע ווערט נאך שענדליכער, ווען מען זעהט, ווי דער איד בעטראכט דיזע בלוטיגע אפעראציאן, אלס דער סאמע עיקר פון אידישקייט. עס איז א בלוטיגע, אזיאטישע טהאט, וועלכע איז שוין אזוי אלט, אז מען קען איהר געצענדיענערישען מקור ניט דערגעהן, און א ציוויליזירט פאלק אונטער דער זון פון אייראפעאישער ציוויליזאציאן פון צוואנציגסטען יאהרהונדערט, האלט זיך מיט איהר, צום שפאט פון דער גאנצער וועלט.

ווען די רעליגיאן זאל ביים אידען ניט אוועקרויבען דעם חוש פון בישה, וואלט ער מיט דיזען בלוטיגסטען פון אלע רעליגיעזע שאנדטהאטען שוין לאנג פארטיג געווארען.

ווייס דער איד, וועלכער איז אזוי שטאלץ אויף זיין בעפרייאונג פון דער שקלאווערייי פון מצרים, ווייס ער, אז אן אייראפעאישער אויטאריטעט בעהויפטעט, אז "מל זיין" איז א צייכען פון שקלאווערייי, אויסגעפיהרט פון זיעגער אויף דעם בעזיעגטען ? יא, הערבערט ספענסער זאגט אין זיין ווערק איבער "די פרינציפען פון סאציאלאגיע", אז די בעשניידונג איז א צייכען פון שקלאווערייי. און ער בעווייזט עס מיט אונבעשטרייטבארע פאקטען. ער גלויבט, אז אנשטאט צו הרג'ענען דעם בעזיעגטען, פלעגט מען איהם מל זיין, אלס אן איביגער צייכען פון שקלאוו'ס אונטערהעטניגקייט.

עס איז דא ווערטה צו באמערקען, אז אין שופטים י"ד און שמואל א' י"ז געפינען זיך בעווייזע, וועלכע צייגען, אז ספענסער האט רעכט. דערפאר אבער זיינען פאראן מאנכע קולטור־געשיכטליכע פאקטען, וועלכע צייגען געגען ספענסער'ס מיינונג.

מיר וועלען איבערגעבען אלע בעווייזע, וואס ספענסער ברענגט,

.18

# וואָלטער איבער ברית־מילה.

*Laugh where we must, be candid where we can.*
*But vindicate the ways of God to men.*

*ALEXANDER POPE, Epistle I.*

צווישען די פיעלע ווערק וואס וואלטער האט דער וועלט גע־געבען, געפינט זיך דאס ״פילאזאפישע ווערטער־בוך״. בעהאנדלענ־דיג מאנכע שטעלען פון דער תורה, רעדט ער אין מאנכע שטעלען מיט א מין שנאה צום אידישען פאלק.

און די אידען האבען איהם ניט פערשוויגען.

די פארטוגעזישע, שפאנישע און פוילישע אידען האבען איהם געענטפערט אויף זיין ביבעל־קריטיק אין דער פארמע פון בריעף.

דיזע בריעף זיינען ארויסגעגעבען געווארען אין בוכפארם אונ־טער דעם טיטעל ״בריעף פון געוויסע אידען צו הערר וואלטער״.

דיזער בוך איז א מוסטער פון אידישע געלעהרזאמקייט, אי־דישען זעלבסט־רעספעקט, אידישען הומאר און שעהנע, שכל׳דיגע, בייסענדע סאטיר.

מיר וועלען צוערשט איבערגעבען וואלטער׳ס מיינונג, נאכהער א טהייל פון דעם ענטפער פון יענעם בוך.

אט איז וואלטער׳ס מיינונג איבער מל זיין:

״ווען הערראדאט דערצעהלט וואס די בארבארען צווישען וועל־כע ער האט ארומגערייזט, האבען איהם געזאגט, דערצעהלט ער נארישקייטען, פונקט ווי אלע רייזענדע.

ווען אבער ער רעדט פון דעם וואס ער האט געזעהן פון די מנהגים פון די פעלקער וואס ער האט אונטערזוכט, דאן רעדט ער צו מענשען.

״עס שיינט, זאגט ער, אז די איינוואוינער פון קאלטשיס (א לאנד אין צפון פון ארמעניען. ל. ר.) שטאמען פון מצרים. איך דענק אזוי פון מיינע אייגענע בעאבאכטונגען און ניט פון וואס מען האט מיר דערצעהלט.

ווייל אין קאלטשיס האט עס מיך מעהר דערמאנט פון די אלטע מצרים איידער די מנהגים פון די קאלטשיס ווען איך בין געווען אין מצרים.

״דיזע איינוואוינער פון די ברעגעס פון שווארצען ים בע־הויפטען אז זיי שטאמען פון א קאלאניע געגרינדעט נאך פון ״סעסאטרים״ (סעסאטרים איז ווארשיינליך א לעגענדארישער נאמען פון א קעניג פון מצרים וועלכער זאל האבען בעזיענט כמעט די גאנצע וועלט פון זיין צייט פון דער פירמער די־נאסטיע, אונגעפעהר פינף טויזענד יאהר צוריק. דאס איז ניט זיכער. ל. ר.).

״וואס מיר אנבעטרעפט גלויב איך אז דאס איז מעגליך, ניט בלויז דערפאר וואס זיי האבען א דונקעלע פארב און געקרייזעלטע און וואלינע האאר, נור ווייל די איינוואוינער פון קאלטשים, מצרים און עטהיאפיא (כוש) זיינען די איינציגע פעלקער אין דער וועלט, וועלכע זיינען זיך מל פון צייטען אזוי לאנג צוריק וואס מען קען מעהר ניט נערענקען.

״ווייל די פעניציער און דאס פאלק פון פאלעסטינא ניבען צו אז זיי האבען דיזען מנהג איבערגענומען פון מצרים, דאס איז אויך אמת פון די אסיריער.

״וואס אנבעטרעפט מצרים און כוש, איז מיר אונמעגליך צו וויסען ווער ס׳האט דיזען מנהג גענומען ביי וועמען, ווייל ביי ביידע איז ער שוין זעהר אן אלטער מנהג. ס׳איז אבער מעגליך אז די עטהאפיער האבען עס גענומען פון די מצרים, וועהרענד פארקעהרט, די כנענים האבען אבגעשאפט דעם מנהג פון מל זיין זייערע נייע־געבוירענע קינדער זייט זיי האבען אנגעהויבען פיהרען א גרעסערען מסחור מיט די גריכען״.

און וואלטער זאגט ווייטער:

״פון דעם וואס הערעדאט זאגט, איז צו זעהען אז פיעלע האבען איבערגענומען דיזען מנהג פון די מצרים, אבער קיין שום נאציאן האט קיין מזל ניט פרעטענדירט צו האבען גענומען דיזען מנהג ביי די אידען.

״ווער אלזא האט איינגעפיהרט דיזען מנהג? צי א נאציאן

פון וועלכער פינף אדער זעקס אנדערע גיבען צו אז זיי האבען פון איהר דיזען מנהג גענומען. צי אנאנדער נאציאן, א פיעל שוואכע־רע, וועניגער קאמערציעל, וועניגער קריעגעריש, בעהאלטען ערגיץ אין א ווינקעל פון אראביען, וועלכע האט קיינמאל ניט איבערגע־געבען קיינע פון איהרע מנהגים צו אנאנדער פאלק?

"די אידען גיבען צו אז זיי זיינען פון די מצרים אויס רחמנות אויפגענומען געווארען פיעלע דורות צוריק.

"איז עס ניט וואהרשיינליך אז א קלענער פאלק האט נאכגע־טהאן א מנהג פון א העכערען פאלק? און אז די אידען האבען אנגענומען מאנכע מנהגים פון זייערע בעלי־ביתים?

"קלעמענס פון אלעקסאנדריען דערצעהלט אז ווען פיטאגא־ראס האט דורכגערייזט דורך מצרים האט ער זיך געמוזט מל זיין כדי צו ווערען צוגעלאזען צו די עגיפטישע מיסטעריען. עס איז דער־פאר געווען אבסאלוט נויטיג כדי צו זיין א פריסטער אין מצרים. דיזע פריסטער האבען עקזיסטירט ווען יוסף איז געקומען קיין מצרים.

"די רעגיערונג איז געווען פון גרויס אלטקייט, און די אלטע צערעמאניען פון לאנד פלעגען אבגעהיט ווערען מיט גרויס פינקט־ליכקייט.

"די אידען גיבען צו אז זיי זיינען געווען אין מצרים צוויי הונדערט און פינף יאהר. זיי זאגען אז אין דיזער פעריאדע זיינען זיי ניט גע'מל'ט געווארען. דערפון איז קלאר אז פאר צוויי הונ־דערט און פינף יאהר האבען די מצרים ניט גענומען דיזען מנהג פון די אידען. וואלטען זיי אנגענומען דיזען מנהג נאך דעם וואס די אידען האבען ביי זיי גע'גנב'ט (וואס א גוי קען איינפאלען) די כלים וועלכע זיי האבען ביי זיי געבארגט און ווי זיי אליין דער־צעהלען מיט דעם רויב אנטלאפען אין דער מדבר?"

"וועט א האר אננעהמען דעם הויפט־צייכען פון א רעליגיאן פון רויבערישע און אנטלאפענע שקלאווען?

"דאס איז ניט אין דער מענשליכער נאטור!

"עס ווערט געזאגט אין ספר יהושע אז די אידען זיינען גע־מל'ט געווארען אין דער מדבר, "איך האב אייך בעפרייעט פון דער שאנדע פון מצרים (היום גלותי את חרפת מצרים מעליכם, יהושע ה')". וואס אבער האט דיזע שאנדע געקענט זיין צו א פאלק

וועלכעס האט געלעבט צווישען פעניציער, אראבער און עגיפטער, אויב ניט עפעס וואס האט זיי נמאס געמאכט צו דיזע דריי נא־ציאנען ?

ווי גרינדליך איז די שאנדע אוועקגענומען דורך אריינטער־נעהמען א קליינעם טייל פון דער ערלה ?

מוז ניט דיזע פערטייטשונג בעטראכט ווערען אלס די נא־טירליכע מיינונג פון פסוק ?

און ברענגענדיג נאך בעווייזע פאר זיין בעהויפטונג, שליעסט וואלטער דאס קאפיטעל איבער "בעשניידונג" פרובירענדיג צו ער־קלערען פון וואנען דיזער מנהג שטאמט. אט וואס ער דענקט :

ס'איז העכסט וואהרשיינליך אז די מצרים וועלכע האבען פאר־נעטערט דאס אינסטרומענט פון מענשליכער רעפראדוקציאן און וועלכע האבען דאס בילד דערפון געטראגען מיט גרויס פאראד אין יעדער פראצעסיאן, זיינען געפאלען אויפ'ן געדאנק מקריב צו זיין צו די נעטער "איזיס" און "אסירים", דורך וועמען אלעס פון דער ערד איז בעשאפען געווארען, א קליינעם חלק פון דעם ארגאן מיט וועלכען דיזע געטער האבען פארבינדען דאס פאראייביגען פון דער מענשליכער ראסע".

אט איז א טייל פון ענטפער וואס די פוילישע און דייטשע אידען האבען געגעבען וואלטער'ן :

"אבער איהר וועט זאגען פון וואנען האבען די מצרים גע־בארגט דעם מנהג פון מל זיין ?

פון וואנעט אייך געפעלט, העדר !

עס אינטערעסירט אונז ווענינ דאס צו וויסען ! און מיר גלויבען אז מעהר ווי סברות איז דאריבער ניטא.

„מאנכע געלעהרטע בעשטעטיגען אז די מצרים האבען דיזען מנהג ערהאלטען פון זייערע פריסטער און די פריסטער האבען דאס גענומען פון יוסף'ן.

„עס איז ניט אונוואהרשיינליך אז די עגיפטישע פריסטער הא־בען נאכגעטהאן א מנהג וועלכער איז געווען געברויכט פון אן ער־שטען מיניסטער, וועמענס גרויסע חכמה זיי האבען בעוואונדערט און וועמען זיי האבען געהאט צו פארדאנקען פאר זייער אייגענטהום'ס רעכט און פריווילעגיען. דאס וואלט ניט געווען א פאל וואו הע־רען טהוען נאך זייערע שקלאפען.

„אנדערע ווייטער דענקען, זאָן מיר שטימען מיט זיי איין, אַז די מצרים האָבען דיעזען מנהג גענומען פון די אַראַבער, וועלכע שטאַמען פון אברהם'ן, ווייל דיעזע אַראַבער זיינען געוועזן די הער־שער פון מצרים אַ געוויסע צייט און ס'איז גאָר ניט וואונדערבאַר צו זעהן אַ בעזיעגט פאָלק זאָל נאָכטהאָן די מנהגים פון זיעגער.

„וואָס קלעמענס פון אַלעקסאַנדריען דערצעהלט, מאַכט דיזע פערמוטונג נאָך זיכערער, ווייל ער זאָגט אַז די בעשניידונג פון די מצרים איז פיעל מעהר עהנליך צו דער בעשניידונג פון די אַראַ־בער איידער די אידען (אידען זיינען מל צו די אכט טעג, אַראַבער און מצרים צו דרייצעהן יאָהר).

„דאָס הערר זיינען אונזערע געדאַנקען איבער דער ענטשטעה־הונג פון בעשניידונג ביי די מצרים און ביי די אידען.

„זייט איהר אַלץ פערליעבט אין אייער מיינונג? אויב יע, בלייבט ביי איהר! אָבער אויב איהר ווילט איינריידען אייערע לע־זער אויך צו בלייבען ביי דיזער מיינונג, גיט זיך די מיה זי צו אונטערשטיצען מיט בעסערע באַווייזע, און נעהמט ניט אוועק ביי איהר די איבערציינונגס־קראַפט דורך ווידערשפּרעכונגען. אָבער, הויפּטזעכליך, אַזוי ווי איהר שטיצט זיך אויף די בעווייזע פון הע־ראָדאָט האָט אַליין אַ בעסערע מיינונג פון איהם און איבערזעצט איהם מיט מעהר פּינקטליכקייט".

דאָס ווייטערע בעציהט זיך אויף אַן אַנדערע שטעלע אין בוך און לויטעט אַזוי:

„צוערשט האָבען מיר זיך געוואונדערט איבער אייער טעות ווען אָבער מיר האָבען ענטדעקט פון וואַנעט אייער טעות נעהמט זיך, האָבען מיר זיך אויפגעהערט צו וואונדערען. דער טעות ליגט אין לאַטיינישען איבערזעצער, וועמען איהר פאָלגט נאָך בלינד און וועלכער פאַרפיהרט אייך. מיר האָבען אייך געכאַפּט ביי דער האַנד און איהר קענט אייך ניט פערטהיידיגען.

איהר איבערזעצט הערָאדאָט פּונקט ווי איהר איבערזעצט די תורה פון אַ לאַטיינישער איבערזעצונג.

„אַ מאַן זאָל פּרעטענדירען צו פאַרשטעהן גריכיש, העברע־איש א. ז. וו. און דאָך איבערזעצען פון אַ לאַטיינישער איבערזעצונג אָהנע אַ קוק צו טהאָן אין אָריגינאַל...

„איהר פיהלט, העררר, וואס עס קען געזאגט ווערען איבער אזא מענש: דאס איז גענוג! מיר זיינען אידען און מוזען שווייגען, אבער פיעלע קריסטיליכע קריטיקער וועלען אפשר ניט זיין אזוי שרעקעדיג!"

ס'איז דא ווערט צו באמערקען אז יאזעפוס פלאוויאוס בעציהט זיך אויף הערראדאט, און ציטירט דיזעלבע שטעלע פון דיזען היסטאריקער, וועלכע וואלטער ציטירט. ניט מעהר, וואלטער דיסקרעדיטירט דיזען היסטאריקער און שטיצט זיך אויף איהם ווען ער רעדט וועגען אידען.

.19

## ווער איז געווען משה רבינו?

עס קומט צור בלום אליין די ביען
אליין פאראייביגט זיך דער מין
עס קומט אליין דער טייך צום ים
די היץ אליין זי קומט צום פלאם
דער ניגון קומט אליין צור הארף
נור גאט און מענש א מעקלער דארף!

ל. ר.

מיר ווילען ערשט איבערגעבען דעם שרייבער'ס מיינונג איבער משה'ן וועלכע איז געווען געדרוקט אין דער „פרייע ארבייטער שטימע" נומ. 46. כדי צו ווייזען אז די אונגינסטיגע מיינונג איבער אברהם'ן שטאמט ניט פון אונטאלעראנץ פון שרייבער נור ווייל פון א פערזאן ווי די תורה שטעלט פאר אברהם'ען קען מען קיין בעסערע מיינונג ניט האבען.

דאס פאלגענדע איז אן ענטפער צו דער פראגע:

ווער האט משה'ן געשיקט צו פרעה'ן?

ווען פראפעסאר גרעטץ ענטפערט אויף דיזער פראגע, ערלויבט ער זיין אידיש הארץ גובר צו זיין זיין מענשליכען שכל. דער איד בעזיעגט דעם היסטאריקער. אט וואס גרעטץ ענטפערט:

"וואס בעדייטעט דיזער פראפעטישער גייסט? אפילו יענע, וועלכע האבען געפארשט די סודות פון דער וועלט צו די

סודות פון דער נשמה און איהר גריף פון וועלט־אל, קענען ניט ענטפערען. וואס דאס איז.

„דאס אינגעוועניגסטע לעבען פון'ם מענשען האט טיעפקייטען, וועלכע זיינען געבליבען פארבארגען פאר'ן שארפסטען פארשער.

„מען קען אבער ניט לייקענען, אז דער מענשליכער שכל קען אהן דער הילף פון די חושים ווארפען א ווייט־זעהענדיגען בליק אין דער רעטהזעלהאפטער קייט פון פאסירונגען און אין דעם פערוויקעלטען שפיעל פון קרעפטע.

„דורך אן אונפערשטענדליכע פעהיגקייט פון דער נשמה האט דער מענש ענטדעקט אמת'ען וועלכע קענען ניט מיט די חושים בעגריפען ווערען...

„אויב די נשמה פון א שטערבליכען איז אמאל געווען באגאבט מיט ליכטיגע, פראפעטישע פאראויסזעהונג, איז דאס געווען דער פאל מיט דער ריינער, אונזעלבסטזיכטיגע און ערהאבענע נשמה פון משה'ן".

דאס איז ניט היסטאריע, דאס איז נביאות!

דאס שעהנסטע דערביי איז, אז די נביאות איז גארניט נויטיג, ווייל לויט דער געשיכטע, ווי די תורה אפילו גיט זי איבער, זעהט זיך ארויס די ריינע, אונזעלבסטזיכטיגע, ערהאבענע נשמה פון משה'ן.

ווען מען בעטראכט משה'ן אין דעם ליכט פון מאנכע פון די רעליגיאנס - לעהרער. רעליגיאנס - רעפארמאטארען. רעליגיאנס־פערדיגער און די צוויי גרעסערע און מעהרערע קלענערע רעליגיאנס־גרינדער נאך משה'ן, זעהט מען ערשט קלאהר די גרויסקייט פון משה'ן.

אין וואס בעשטעהט זיין גרויסקייט?

רעליגיאן איז געבויט אויף ליגען, אימער אזוי געווען, און האט אנדערש ניט געקענט זיין.

רעליגיאן איז געשטיצט אויף גאט, און גאט איז ליגען. אלע, אדער כמעט אלע, רעליגיאנס־גרינדער, האבען דאס געוואוסט, און משה בעסער פון זיי אלע. דער חילוק אבער צווישען משה'ן און די אנדערע איז דיזער: אלע רעליגיאנס־גרינדער האבען אין זיי־

ערע סיסטעמען אריינגענומען אזוי פיעל ליגען, וויפיעל דער סיס־טעש האט געקענט פערטראגען. משה אליין האט זיך בענוצט מיט דער קלענסטער סומע ליגען, וועלכער האט זיין סיסטעם גע־קענט דערהאלטען. משה איז דער איינציגער, וואס האט זיך בע־נוצט מיט ליגען נאר דאן, ווען עס איז געוועזן אבסאלוט נויטיג, און אויך דאן אזוי וועניג, ווי עס איז נור מעגליך געוועזן.

משה האט געהאט צו טהאן מיט א פערווילדעטע, פער־שקלאפטע, ערנידריגטע, אונוויסענדעס פאלק, א פאלק אזוי צו־דריקט אין קערפער און גייסט, ווען משה איז ערשיענען, אז קיין ווארהייטען, ווי גרויס זיי זאלען ניט זיין, וואלטען פון דעם פאלק גארניט פערשטאנען געווארען, ווייל צו פערשטעהן א ווארהייט איז נויטיג א געוויסע סומע אינטעליגענץ, סיי פאר א יחיד, סיי פאר א פאלק. און דאס פאלק, וואס איז געוועזן קנעכט ביי די מצרים, האט די נויטיגע סומע אינטעליגענץ ניט געקענט האבען.

וואלט משה אפילו געהאט א ווארהייט, וואלט ער זי גאר ניט געקענט געברויכען...

וואס האט משה געקאנט טהאן?

משה האט געוואלט די אידען בעפרייען.

דער ערשטער צייכען פון א גרויסען מענש, זאגט שילער, איז, וואס ער קען קיין אונגערעכטיגקייטען ניט צוזעהן. משה האט געזעהן דעם אונרעכט, וואס די עגיפטישע הערשער בעגעהען גע־גען די אידען און ער האט בעשלאסען די אידען צו בעפרייען.

בעפרייען? און ניט מעהר?

ווען משה וויל בלויז בעפרייען די אידען פון קנעכטשאפט, האט ער ניט נויטיג געהאט ניט קיין אמת'ען און ניט קיין פאלש־קייטען. ער האט בלויז געדארפט אפעלירען צום מענש, צום פי־זישען כוח, און דאס וואלט אפשר גענוג געווען. דאס וואלט ארויסגערופען א רעוואלוציאן.

די מצרים זיינען שטארקער געוועזן? זיינען געוועזן מעהר אין צאהל? זיינען געוועזן פארבערייטעט פאר אן אויפשטאנד?

די אידען זיינען געוועזן שטארקער: זיי האבען ניט געהאט וואס צו פערלירען. משה האט אבער געוואלט מעהר ווי פריי־הייט פאר זיין פאלק. משה איז געוועזן א גרויסער מענש, ער

האט געוואלט זיין פאלק זעהן גליקליך. און בויען דאס גליק פון זיין פאלק אויף פאלשקייטען. האט ער ניט געוואלט; ווארהייטען האט ער ניט געהאט.

וואס האט משה געטהאן?

ער האט זיך בענוצט מיט אזוי ווענינ ליגען, וויפיעל די אומשטענדען האבען ערלויבט.

האט משה געקענט אויסקומען אהן פאלשקייטען? עס שיינט, אז ניט. און כדי דאס צו בעווייזען, דארפען מען בלויז פערגלייכען משה'ן מיט קריסטוס'ען. משה'ס וועלט איז געווען מיט פופצעהן הונדערט יאהר אינגער פון קריסטוס'עס וועלט. די אידען אין משה'ס צייטען זיינען, אלס נאציאן, געווען אין דער קינדהייט. ניט עלטער זיינען זיי געווען מיט דעם שייכות צו א העכערע רעליגיאנס־פארמע. אין קריסטוס'עס צייטען האבען אי־דען שוין געהאט הינטער זיך א טויזענד־יעהריגע ערפאהרונג, אלס נאציאן, און אויך פיעל רעליגיעזע ערפאהרונג. און דאס איז געווען דער פאל ניט נור מיט די אידען, נור מיט אלע פעלקער פון דער דאמאלס בעקאנטער וועלט.

נאציאנען, ווי קינדער, לערנען פון ערפאהרונג. וואס על־טער זיי ווערען, אלץ קליגער ווערען זיי. משה האט פאר זיך גע־האט א נאציאן אין איהר סאמע קינדהייט, אהן שכל און אהן ער־פאהרונג. מיר ווייסען, אז פרימיטיווע מענשען, פונקט ווי קינ־דער, קענען קיין ווארהייטען ניט בעגרייפען.

און אויב א רעליגיאנס־גרינדער האט א רעכט געהאט זיך צו בענוצען מיט ליגען כדי א נאציאן ארויסצוראטעווען פון סאָ־ציאלען און מאראלען אונטערגאנג, איז דאס געווען משה. משה, לויט די ארבייט, וואס ער האט אויפגעטהאן, האט א רעכט געהאט זיך צו בענוצען מי לויטער ליגען. ער האט דאס אבער ניט גע־טהאן.

די עשרת הדברות זיינען די מאראלע פעלזען, אויף וועלכע משה האט געבויט דעם רעליגיעזען און עקאנאמישען בנין פון אי־דישען פאלק. און בעטראכט מען דיזע צעהן פעלזען, וועלכע זיי־נען דער פונדאמענט פון משה'ס ארבייט, געפינט מען, אז בלויז איינער איז א פאלשער, א טוישונג, ניט קיין פעלז נור בלויז

זאמד, צוזאמענגעהאלטענע דורך גלויבענס־כישוף. און די ניין אי־בעריגע זיינען געזונדע, שטארקע פעלזען, וועלכע זיינען נאך היינט אזוי שטארק, ניצליך און דויערהאפט, ווי אין יענעם טאג, וואס משה'ס געניטע האנד האט זי ארויסגעהאקט פון בארג פון מענשליכער ערפאהרונג.

דיזער זאמדיגער פעלז, דער איינציגער פאלשער, וואס משה האט געמוזט זיך מיט איהם בענוצען, איז „אנכי יהוה אלהיך"·

קיין אמת האט משה ניט געהאט, אויף אן איינפאכען ליגען האט ער ניט געוואלט בויען, האט ער זיך בענוצט מיט א ליגען, וועלכען מען קען ניט בעווייזען. „יהוה" איז אזא ליגען!

דיזען ליגען, וועלכען מען קען ניט בעווייזען, האט משה גענומען ביי די עגיפּטישע פּריסטער. „יהוה" איז אבער געווען בלויז א קליינער טהייל פון די ליגען, וואס האבען זיך געפונען ביי די עגיפּטישע מיסטעריען, יענע מיסטעריען האבען אין זיך געהאט נאך א גראנדיעזען ליגען, פון וועלכען משה האט זיכער געוואוסט, ווייל ער איז אין דיזע מיסטעריען ערצויגען געווארען. דיזער צווייטער גרויסער ליגען איז געווען דער גלויבען אין עולם־הבא, א ליגען, וועלכער איז צווייטער אין ראנג פון גרויסקייט נאך דעם ליגען פון גאט. האט משה זיך מיט דיזען ליגען בע־נוצט? ניין! און אז דיזער ליגען איז געווען א גאנגבארער אר־טיקעל, קען מען זעהן, ווי גאנגבאר דיזער ליגען איז נאך היינט. ער איז היינט נאך אזוי פריש און לעבעדיג צווישען ארימען פאלק, פון כמעט אלע רעליגיאנען, גלייך ווי מען האט איהם ערשט נעכ־טען ארויסגעצויגען פון די עגיפּטישע מיסטעריען אין דער ליכ־טיגער וועלט אריין.

ליגען און פאלשקייטען זיינען ניט די וואפען פון גרויסע מענשען. און משה איז געווען א גרויסער מענש. און פער־גלייכט מען קריסטוס'ען מיט משה'ן, זעהט זיך משה'ס גרויס־קייט ארויס נאך בולט'ער. די ליגען, וואס רינגלען ארום קריס־טוס'ען געבורט און טוידט זיינען איינפאך א בעליידיגונג פאר'ן מענשליכען שכל.

עס איז, נאטירליך, שווער צו זאגען, צי ס'איז פאראן עפּעס אמת סיי אין משה'ן און סיי אין קריסטוס'ען. נור ארויסגעהענדיג

פון דעם שטאנדפונקט פון די גלויבינגע פון ביידע רעליגיאנען, מוז מען צוגעבען, אז קריסטוס האט זיך בענוצט מיט די ליגען, וועל־כע משה האט פעראכטעט.

און דער ליגען פון א יענע וועלט קומט טאקי צו די אידען פון היידענישע קוועלען.

און משה, ווען מען אזא ליגען וואלט זעהר גוט צונויז געקומען, האט זיך מיט איהם ניט בענוצט.

מען געפינט ניט קיין ווארט דערמאנט אין תורת משה אי־בער א יענע וועלט, אפילו ניט אנצוהערענים. און דערפון מע־גען מיר שליסען, אז משה האט זיך בענוצט מיט אזוי ווענינ לי־גען, ווי מעגליך — עפעס, וואס אנדערע רעליגיאנס־גרינדער, מיט דער אויסנאהם פיליכט פון בודהא און קאנפוציאוס האבען ניט געטהאן.

א דריטער ליגען האט זיך געפונען אין דער אלטער עגיפ־טישער רעליגיאן, דער גלויבען אין השארת הנפש", „אונשטערב־ליכקייט דער זעעלע", און כאטש דיזען ליגען, וועלכער איז צו די אידען געקומען פון פערזישע קוועלען, איז נאך היינט א גאנגבא־רער ארטיקעל אין די רעליגיעזע קראמען. דאך האט משה זיך ניט בענוצט מיט איהם.

## ·20

## ווען האט מען מל געווען משה רבינו?

פון דעם מנהג פון אבשניידען
שטיקער פון טויטען קערפער, איז
ענטשטאנען דער מנהג אבצושניי־
דען שטיקער פון לעבעדיגען קער־
פער.

ספענסער.

**מיר** ווילען פריהער אויפצייגען, ווי „מיסטעריעז" די האנד־לונגען פון יהוה זיינען. געוואלט האט יהוה, אז אידען זאלען גע׳מל׳ט ווערען צו די אכט טעג. ער האט דאך אליין אזוי בע־פוילען, און אזוי איז דאך פון יצחק׳ן ביז צו היינטיגען טאג, דאך

זיין ערשטען אידען איז ער מל צו ניין און ניינציג יאהר. זעהט נור עפעס! אברהם איז שוין ניין און ניינציג יאהר אלט, און דאס, וואס איהם איז ניט געלונגען א יאהר נאך דער חתונה, איז איהם געלונגען א יאהר נאך דער ברית־מילה! צו הונדערט יאהר האט ער א קינד, ווייל צו ניין און ניינציג ווערט ער „בעשניטען".

וואס בעווייזט דאס?

זאל דער לעזער אליין נאכדענקען. מיר וועלען בעטראכטען דיזען מנהג מיט'ן שייכות צו משה רבינו.

משה, לויט מאדערנע פארשער. קען בעטראכט ווערען, אלס דער ערשטער איד, זיכער אין זין פון גרויסקייט און אויך אפשר אין היסטארישען זין. ווארגנעי איז פון דיזער מיינונג. משה ווערט אויסגעקליבען פון גאט אליין — וואס דארף מען נאך מעהר? דער אידישער גאט האט דאך געווים אויסגעקליבען דעם בעסטען אידען? ווייל, ווי קען עס דען אנדערש זיין? און דיזער בעסטער און גרעסטער איד, דיזער מעקלער פון אידישען גאט, יהווה'ס איינציגער אגענט אויף דער אידישער טעריטאריע, דיזער משה, אונזער רבי, אונזער נביא, אונזער פיהרער, אונזער וועג־ווייזער, ער פערגעסט עס מל צו זיין זיין קינד!

א דריי גראשענדיגער איד און א צוויי גראשענדיגער פריידענקער לעגען איין וועלטען וועגען מל זיין זייערע קינדער. און משה רבינו — גארניט. פאר איהם איז מל זיין ניט אזוי וויכטיג און ער האט עס אין גאנצען פערגעסען. פארגעסען דעם גאנצען פונדאמענט פון אידישקייט! און ווער? משה, דער ערשטער און גרעסטער איד!

א, איהר פריידענקער! ווי ווייט איהר זייט פון דענקען!

מילא דער גלויביגער איד דענקט ניט, אבער וואו איז דער פרייער איד? פאר וואס איז ביי איהם דיזער בלוטיגער מנהג אזא וויכטיגע זאך?

און איז צפורה, די טאכטער פון א מדין, געווען א מוהל?

זאל דער גלויביגער איד ענטפערען, וואס די תורה מיינט, ווען זי דערצעהלט: "צפרה האט גענומען א מעסער (שטיין) און זי האט אבגעשניטען די פארהויט פון איהר זוהן און האט עס געווארפען צו משה'ס פיס און זי האט געזאגט: „א בלוטיגער חתן

ביזטו צו מיר״, און גאָט האָט משה׳ן אבגעלאָזט, און דאַן האָט זי געזאָגט: ״אַ בלוטיגער חתן וועגען דעם מל זיין״.

יור אנשטאָט דער גלויביגער איד זאָל ענטפערען, זאָל ער בעסער פרעגען: ״וואָס רעדט עפּעס צפּרה פון אַ חתן? ווער איז דער ״חתן דמים למולת״, דער בלוטיגער חתן פון מל זיין? וואָס פאַר אַ שייכות איז פאַראַן צווישען קינד און חתן. דיזער פאַקט שיינט צו צייגען, אַז ניט תמיד האָבען אידען מל געווען זייערע קינדער צו די אַכט טעג, נור פּונקט ווי אַלע אראַבער, פלעגען זיי ד׳אָס טהאָן פאַר דער חתונה, אַלס אַ קרבן צו דער געטין פון פרוכט־באַרקייט.

די תורה דערצעהלט, אַז גאָט האָט אָנגעכאַפּט משה׳ן ביים גאָרגעל און איהם געוואָלט דער׳הרג׳ענען, און ערשט, ווען צפּרה מאַכט מיט אַ שטיין די נויטיגע אָפּעראַציע, לאָזט נאָט אָב משה׳ן.

רבי ישראל אברהם׳ס, אַ לעקטשורער איבער תלמוד׳ישער ליטעראַטור אין דער אוניווערזיטעט פון קעמברידזש, זאָגט אין דער ענצ. בריטאַניקאַ, אַז משה׳ס לעבען איז געווען אין געפאַהר, ווייל ער האָט זיך ניט מל געווען פאַר דער חתונה.

און דאָס מאַכט שוין פערשטענדליך, וואָס צפּרה רעדט פון אַ ״בלוטיגען חתן״.

לאַנג איידער אידען זיינען ערשינען אויף דער היסטאָרישער ביהנע, האָבען די סעמיטישע אַראַבער מל געווען זייערע זיהן פאַר דער חתונה, און אין דער אַראַבישער שפּראַך האָט דאָס וואָרט ״חתונה״ צוויי בעדייטונגען: איין בעדייטונג פאַר׳ן וואָרט איז ״הייראַטה״ און אַ צווייטע בעדייטונג איז ״מל זיין״.

שפּעטער ערשט האָבען אידען איינגעפיהרט מל זיין צו די אַכט טעג, וואָס דאָס איז געווען אַ גרויסע רעפאָרמע.

.21

## איז משה געווען פאַר אָדער געגען מל זיין?

דירעקט, אַז משה איז געווען געגען דיזען העסליכען מנהג, איז קיין בעווייז אין דער תורה ניטאָ.

אינדירעקטע בעווייזע אָבער זיינען פאַראַן גאַנצע פינף.

ווען משה איז געקומען צו די אידען האָט ער זיי געטראָפען פאַרזונקען אין געצענדיענסט און אנהענגער פון פיעלע פון די העס־ליכסטע און בלוטיגסטע מנהגים פון מצרים.

א חוץ מל זיין און קרבנות, די צוויי נידריגסטע פון אלע ניד־ריגע עבודות־זרות, האָבען די אידען גענומען פון די מצרים די פאַל־גענדע אומריינקייטען.

דאָס גאָלען די האָאר פון די קעפּ פון די כהנים.

די קטורת, די מנורה, די פרה־ארומה, די פלאַנץ „אזוב" וועל־כע מען פלעגט פאַרברענען מיט דער רויטער קוה. דאָס ניט עסען קיין חזר, דאָס ניט מישען זיך מיט'ן געשיער פון פרעמדע און דער געטליכער אדער טייפעלשער עזאזל.

אהרן, דער אונגעבילדעטער אהרן, האָט פאַרמעהרט די אי־דישע אויפשפּראָצענדע רעליגיאָן מיט א גאָט פון מצרים, א גאָל־דען קאַלב.

דער געבילדעטער משה האָט געשטרעבט די יונגע אויפשפּראָ־צענדע אידישע רעליגיאָן, צו רייניגען פון אלע עגיפּטישע אומריי־ניגקייטען, משה איז אָבער אויך געווען א קלוגער רעפאָרמער. ער האָט פאַרשטאַנען אז אין רעליגיעזע זאכען קען מען ניט אריינ־ברייגען קיינע ענדערונגען מיט געוואלד, נור לאנגזאם, מיט שכל, ביסלאַך־ווייס.

אזוי האָט משה געטהאָן מיט קרבנות און אנדערע העסליכע מנהגים. און מל זיין אָבער איז משה געגאַנגען פיעל ווייטער. ער האָט דיעזען עקעל געוואָלט אין גאַנצען אָבשאַפען.

אָט זיינען אונזערע בעווייזע:

1) מען דאַרף האָבען אין זין אז די מייסטע געבאָטען און פערבאָטען וואָס משה גיט די אידען איז כדי זיי צו האלטען אזוי ווייט ווי מעגליך אבגעזונדערט פון די ארומיגע געצענדינערישע פעלקער.

דאָס פּראַקטישסטע וואָס משה האָט געקענט טהאָן איז גע־ווען זיי אָבצושרעקען פון פרעמדע מנהגים און איינפיהרען ביי די אידען נייע אייגענע מנהגים, און מ ל ז י י ן א י ז א פ ר ע מ־ד ע ר מ נ ה ג.

דעם מנהג פון קרבנות האָט משה שטאַרק מאָדיפיצירט. מל־זיין האָט ער אָבער אין גאַנצען געוואָלט אונטערברעננגען.

די עשרת הדברות זיינען דער פונדאַמענט פון משה׳ס רע־ליגיעזען סיסטעם.

לויט דעם אידישען גלויבען איז מל זיין דער סאַמע עיקר פון אידישקייט.

איינע פון די הדברות איז ״כבד את אביך ואת אמך״. ס׳איז אַ גאַנץ לייכטער געבאָט. יעדער טהוט עס אהן אַ געבאָט, אויב איינער טהוט עס ניט, ווייסט אויך קיינער ניט. ווייל דאָס אָב־היטען אָדער ניט אָבהיטען פון דיזען געבאָט געהערט אין ענגען קרייז פון דער פאַמיליע. די נאַציאָן בעריהרט עס ניט. דעם קיום פון דער נאַציאָן סטראַשעט דאָס אויך ניט און דאָך, כדי פול צו מאַכען דעם נומער צעהן האָט משה דיזען געבאָט אריינגעשטעלט אין די סאַמע פונדאַמענטאַלע געזעצע פון דער נאַר וואָס אויפ־בליהענדער רעליגיאָן פון אַ בעפרייטען שקלאַף.

מיט וויפיעל אָבער איז מל זיין וויכטיגער איידער דיזער פריי־וואַטער געבאָט?

פאַרוואָס האָט משה דעם דין פון מל זיין ניט אריינגעשטעלט אין די הדברות?

אמת, משה דערמאָנט דעם דין פון מל זיין אין ויקרא י״ב, אָבער מאַנכע פון די עשרת הדברות דערמאָנט ער אין דער תורה צו עטליכע מאָל, אַ חוץ דעם וואָס זיי זיינען אַרונטערגעשריגען פון באַרג סיני!

ווען משה זאָל געווען האַלטען דאָס מל זיין פאַר אַזוי וויכ־טיג ווי דער איד פון היינט האַלט עס, וואָלט ער דעם ״המול לכם כל זכר״ אוועקגעשטעלט גלייך נאָך דעם ״אנכי יהוה אלהיך אשר וכו׳״.

וויסענדיג אָבער אַז דיזער העסליכער מנהג קומט פון מצרים, האָט ער מיט איהם ניט געוואָלט בעשמוצען זיינע שעהנע עשרת הדברות און איהם אויסגעלאָזט.

2) משה פערגעסט מל צו זיין זיין קינד.

ווען אַ איד פון היינט, וועלכער קען אַ וואָרט עברי ניט, פערגעסען מל צו זיין זיין קינד?

משה האָט אויך ניט פאַרגעסען. פאַרקעהרט, משה האָט עס שטאַרק אין זין געהאַט און עס געוואָלט אין גאַנצען אויסלאָזען און ווען ניט זיין געצענדינגערישע פרוי צפּרה, וואָלט ער עס וואַרשיינ־ליך אויסגעלאָזען.

אז דאָס מל זיין פון משה'ס קינד איז ניט צוגעגאַנגען רוהיג קען מען זעהן פון צפּרה'ס צאָרן און פון גאָט'ס צאָרן. „ויהי בדרך במלון ויפגשהו יהוה ויבקש המיתו". גאָט, הייסט עס, מיט וועל־כען משה האָט ערשט גערעדט, באַגעגענט איהם אויפ'ן וועג און וויל איהם הרג'ענען. דאָס איז דער אויסדרוק פון גאָט'ס צאָרן.

צפּרה מאַכט די נויטיגע אפּעראַציע, ניט משה, און איהם וואַרפענדיג צו זיינע פיס די בלוטיגע שטיק ערלה רופט זי אויס: „חתן דמים אתה לי" ד. ה. א בלוטיגער חתן ביזטו מיר.

דאָס איז דער אויסדרוק פון צפּרה'ס צאָרן.

און משה איז געגאַנגען געגען צאָרן פון גאָט און ווייב און האָט זיינע העגד ניט געוואָלט פאַרפלעקען מיט דיזען בלוטיגען מנהג!

ניין! משה איז געווען גרויס און עהרליך!

3) די אידען האָבען אין מצרים דיזען מנהג פון לאַנד אָב־געהיט.

אין דער מדבר האָט מען די קינדער ניט מל געווען.

דאָס ניט מל־זיין אין דער מדבר, איז געווען א גרויסע ענ־דערונג אין אַן אַלטען און וויכטיגען מנהג.

אונטערדעסען, הערט מען אויף מל־זיין און קיינער וואונדערט זיך ניט און קיינער פרעגט ניט פאַרוואָס און ביז ווען? ווער און ווען האָט משה דאָס ערלויבט?

מיט יעדער קלייניגקייט קומען אידען צולויפען צו משה'ן מיט פראַגען און משה ענטפערט אויף אַלע.

קלייבט א איד אויף עטליכע שטיקלעך האָלץ אום שבת, לויפט מען משה'ן פרעגען וואָס צו טהאָן מיט דעם שרעקליכען פאַרברע־כער, און משה הייסט איהם פאַרשטיינען, אויף גאָט'ס בעפעהל.

אזוי מיט די „בנות צלפחד".

שעלט איינער גאָט, לויפט מען צו משה'ן.

משה פרעגט ביים וועלטענשעפּפער וואָס צו טהאָן מיט דעם

מענשען־קינד וואס האט איהם געשאלטען אין טאטען אריין, אין דער וועלטענשעפפער, אין זיין פארדרום, הייסט איהם הרג'ענען און אזוי פיעלע מאהל.

אלזא, מיט יעדער קלייניגקייט קומט מען צו משה'ן פרעגען, און ווען אידען הערען אויף מל־זיין זייערע קינדער, פרעגט קיינער ניט. מען שניידט ניט און פטור.

איז דאס ניט פאררעכטיג? ווער האט דאס ערלויבט?

האט משה געגעבען א בעפעהל מען זאל ניט שניידען? ווע־ניגסטענס ניט אזוי לאנג די אידען וועלען האלטען און געהען, גלויבענדיג אז ביסלעכווייז וועלען די אידען זיך אבגעוועהנען פון דיזען בלוטיגען מנהג?

פיעלע געלעהרטע אידען גיבען צו אז די תורה, וועלכע מיר האבען היינט, האט אין זיך פיעלע שטעלען געענדערטע, מאנכע מיט אבזיכט און מאנכע פער צופאל.

איז ניט מעגליך אז איינער פון די שפעטערע סופרים האט די־זען בעפעהל אויסגעלאזען און טאקע דערפאר ווייל ער איז געווען אויסדריקליך?

איז אפשר גלייכער אז מיר זאלען אננעהמען אז די אידען האבען אויפגעגעבען דעם סאמע עקר פון אידישקייט אויף גאנצע פערציג יאהר ניט פרעגענדיג ביי משה'ן?

אבער זאלען מיר גלויבען אז צו קלויבען א ביסעל האלץ אום שבת איז וויכטיגער ווי מל־זיין?

און ניט נור האבען אידען געמוזט לעבען ניט גע'מל'ט נור פיעל האבען געמוזט שטארבען ניט גע'מל'ט!

אלזא, וועלכעס איז וויכטיגער? מל זיין אדער האלץ קלוי־בען?

4) יהושע איז ערשט מל די אידען, אבער ווען? ערשט ווען גאט דערמאנט איהם.

די אידען אליין דערמאנען זיך ניט!

און אזוי ווי די געשיכטע אז גאט האט גערעדט צו יהושע'ן איז ניט אמת, האט, הייסט עס, יהושע זיך אליין דערמאנט און דיזען בלוטיגען מנהג, וועלכעס צייגט אז דער תלמוד האט ניט דער־וואקסען צו דער הויכקייט פון רבי'ן.

5) פון טויזענד פּראָסטע אידען הײנט, נאָך פיער טויזענד יאָהרינגען מל זיין, וויפיעל פון זיי וואָלטען הײנט געקענט מאַכען דיזע בלוטיגע אָפּעראַציאָן? פיליײכט אײנער!

וויפיעל אידישע פרויען פון טויזענד, וואָלטען הײנט געוואוסט און זיך אונטערגענומען צו מאַכען דיזע עקעלהאַפטע אָפּעראַציע? זיכער ניט אײנע אין טויזענד!

און צפרה פרעגט ניט ביי קיינעם, נאָר כאַפּט און שניידט. צייגט דאָס ניט אַ בעקאַנטשאַפט מיט דיזען מנהג פון פריהער?

יערענפאַלס מעהר בעקאַנטשאַפט פון משה'ן!

און צפרה איז געוועזן אַ מדינית.

צייגט דאָס ניט אַז די מדינים זיינען מיט דיזען מנהג בעקאַנט געוועזן?

צייגט דאָס ניט אַז דיזער מנהג איז געהאַלטען געוואָרען פון די געצענדיענערישע מדינים?

און וואָס מיינט משה ווען ער זאָגט "לא תעשה כן ליהוה אלהיך כי כל תועבת יהוה אשר שנא עשו לאלהיכם כי גם את בניהם ואת בנותיהם ישרפו באש לאלהיכם!"

משה פאַרזאָגט די אידען יעדען געצענדיענסט, אויסדריקליך! און איז אַ בלוטיגער מנהג פון מדין ניט קיין געצענדיענסט?

זאָל דער לעזער דאָ אויפּפּאַסען, קוים נעהמען מיר אָן אַז משה איז געוועזן צו גונסטען פון מל זיין, בלייבען די פינף אויבענגע־בראַכטע פראַגען ניט פאַרענטפערט.

נעהמען מיר אָבער אָן אַז משה איז געוועזן געגען דיזען בלוטיגען מנהג, זיינען אַלע פינף פראַגען פאַרענטפערט.

.22

וואו פּאַליטישע מאַכט האַלט זיך
אין ענטוויקען איז די מתנה פאר'ן
פיהרער, עסענוואַרג. און דאָרט
וואו דער עלטערן־גייסט ענטוויד
קעלט זיך צו אַ גאָט, בעשטעהט
דער קרבן איבעראַל פון עסענווארג.

ספּענסער.

אין לעצטען קאַפּיטעל האָבען מיר דיזע פראַגע געענטפערט מיט יא.

מיר ווילען דאַ ברענגען אַ געגענגעזעצטע מיינונג בלויז ווייל זי קומט פון איינעם וואָס ווייסט מעהר און בעסער פון שרייבער פון דיזע ציילען.

דער פאַקט, אַז משה האָט זיין קינד ניט מל געווען, צייגט, אַז אידען האָבען פון דיזען געצענדיענערישען מנהג ניט געהאַלטען: זיין געצענדיענערישע פרוי, צפּרה, האָט דערפון יא געהאַלטען.

געוויס וועט דאַ אַ פרומער איד ווערען אין כעס און זאָגען, אַז אידען האָט יא מל געווען זייערע זיהן אין מצרים, און אַלס בעוויז וועט ער ברענגען דעם בעפעהל פון יהוה צו יהושע'ן, אַז ער זאָל מל זיין די אידען אַ צווייטען מאָל. אין יהושע ה' ווערט דערצעהלט, אַז אַלע, וועלכע זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, זיינען געבוירען געוואָרען אויפ'ן וועג אין דער מדבר, זיינען ניט געווען גע'מל'ט.

זאָל אָבער דער פרומער איד פּרובירען געבען אַן ענטפער אויף פאָלגענדער פראַגע: נאָך דעם, ווי אַלע אידען זיינען בעשניטען געוואָרען, זאָגט יהוה צו יהושע'ן: ״היינט האָב איך פון איך אַרונטערגענומען די שאַנד פון מצרים״.

און וואָס קען דיזע בעמערקונג מיינען?

אויב מיט ״מל זיין״ האָט ער אַרונטערגענומען פון זיי די שאַנדע פון מצרים, האָט די שאַנדע געמוזט בעשטעהן אין ״ניט גע'מל'ט זיין״ אין מצרים, ווייל אויב די אידען זיינען אין מצרים

אויך געווען גע'מל'ט. איז דאך ניט געווען קיין שאנדע פון זיי אראבצונעהמען!

ר' ישראל אברהם זאגט אויסדריקליך אט וואס:

"דער מנהג פון מל זיין איז איינגעפיהרט געווארען פון יהושע'ן". און ער ברענגט די אויבענגעבראכטע ציטאטע צו בע־שטעטיגען זיין בעהויפטונג און זאגט:

"די מצרים פלעגען מל זיין זייערע קינדער, די אידען ניט, און דערפאר פלעגען די מצרים קוקען אויף די אידען מיט פער־אכטונג (פונקט ווי א איד קוקט אויף אן ערל). און ווען יהושע האט אלעמען מל געווען, האט ער מיט רעכט געזאגט, אז היינט האט ע רפון זיי ארונטערגענומען די שאנדע, די פעראכטונג, וואס די מצרים האבען צו זיי געפיהלט". דעם פלאץ, וואו ער האט די אידען מל געווען, האט ער א נאמען געגעבען "גלגל", וואס מיינט "אראבנעהמען".

## .23
# שטאַמט אפשר מל זיין פון חוש פון ריינליכקייט?

אַלע פאַקטען צייגען אַז ווערענד דיזער מנהג איז ניט פאַראַן צווי־שען די גאַנץ ריינע ראַסען אויף דער וועלט, איז ער פאַראַן צווישען די גאַנץ אומריינע ראַסען.

ספענסער.

דאס זיכער ניט, ווייל דיזער מנהג געפינט זיך צווישען אזיא־טישע און אפריקאנישע שבטים, וועלכע זיינען שרעקליך שמוציג, מאנכע פון וועלכע האבען ניט דעם סאמע עלעמענטארסטען בעגריף פון ריינליכקייט, שוין ניט רעדענדיג פון היגיענישע בעגריפע!

איז עס טאקע געזונד?

דאקטאר פריעדענוואלד, אין דער דזש. ענציקלאפעדיע זאגט פאלגענדעס: "מען בעהויפטעט, אז "מל זיין" איז א שוץ צו סיפילים. אז עס שיצט עפעס געגען סיפילים קען קיין צווייפעל ניט זיין. אבער איך האב בעמערקט צופיעל פעלע פון אנגעפאנ־

גענע סיפילים אין אזעלכע, וועלכע זיינען געוועזן גע'מל'ט, און קען דערפאר ניט אננעהמען, אז דאס ״מל זיין״ גיט וועלכע ניט איז בעשטימטע בעשיצונג געגען סיפילים״.

אז א מוהל איז גע'מל'ט, איז כמעט זיכער. פון דעסטוועגען האט א מוהל פון קראקוי אנגעפילט פיעלע אונשולדיגע, געזונדע קינדער מיט סיפילים מיט זיין שמוציגען, קראנקען מויל, דורך דעם עקעלהאפטען מנהג פון מציצה. און ווען מען האט געמאכט א געוואלד געגען אזא שענדליכקייט, האבען פרומע אידען אויפ־געהויבען א פראטעסט.

דאס איז רעליגיאן.

קיין בעסערען בעווייז פון דער שעדליכקייט פון רעליגיאן, קען מען ניט ברענגען, ווי דעם פאקט, אז צוויי ווילדע און האלב־ווילדע שבטים פון אפריקא, די זולוס און די גאלאס האבען אויפ־גענעבען דאס מל זיין אזוי שנעל, ווי זיי זיינען געקומען אין בע־ריקרונג מיט אייראפעער. דאס האבען זיי געטהאן אוים בושה פאר דער אייראפעאישער ציוויליזאציאן.

און דער מאדערנער איד, דורך זיין אזיאטישער רעליגיאן, שטאלצירט מיט א מנהג, מיט וועלכען א ווילדער אפריקאנער שעהמט זיך.

אונגליקליך איז א פאלק, וואס בעזיצט ניט גענוג מוטה זיך צו בעפרייען פון אזא שענדליכער קייט אויף זיין גייסט!

.24

## מל זיין פערטיידיגט.

דורך דער קראפט פון אומשטענדען
ווערט דער מענש אַן היפּאָקריט
און אַפּלאָדירט עפענטליך וואָס ער
פערדאַמט אין געהיים.
ד אָ ק ט אָ ר  ד ר י י פ ע ר.

אין דער ״פרייער ארבייטער שטימע״ פון דעם 24טען יולי 1915 איז ערשיענען אן ארטיקעל איבער ״בעשניידונג״ פון א געוויסען דאקטאר בען־עמרם.

אַט איז ער:

„די פראַגע פון „מל זיין" ביי אידען איז ווייט ניט קיין נייע, און אַלט איז זי ווי די אידישע געשיכטע זעלבסט. הונדערטער דעבאַטען פאַר און געגען „מל זיין" זיינען שוין מינדליך און שריפטליך אָבגעהאַלטען געוואָרען: מיט גזירות און אינקוויזיציעס האָט מען דאָס שוין געטרייט צו אונטערדריקען, און דאָך שטעהט זי נאָך אַלץ, ווי אַ ביין אין האַלז. און ווען מיר בעטראַכטען די פאַרטשריט, וואָס די בעמעקפפער האָבען געמאַכט ביז איצט, איז ווירקליך צום שטוינען, ווי קליין און אונבעדייטענד זיי זיינען.

פרעגט פריינד ראָזענצווייג: „שטאַמט אפשר „מל זיין" פון מענשליכען חוש פאַר ריינליכקייט?" און ער ענטפערט, אַז דאָס זיכער ניט, ווייל דיזער מנהג געפינט זיך צווישען אַזיאַטישע און אַפריקאַנישע שבטים, וועלכע זיינען שרעקליך שמוציג, מאַנכע פון וועלכע האָבען ניט דעם סאַמע עלעמענטאַרסטען בעגריף פון ריינליכקייט, שוין ניט רעדענדיג פון היגיענישע בעגריפען".

ווי עס ווייזט אויס, שעפט פריינד ראָזענצווייג זיינע ידיעות וועגען דעם פון דער אידישער ענציקלאָפּעדיע, אָבער ער פערגעסט איבערצוגעבען ביידע זייטען פון מעדאַל. דערזעלבער אַרטיקעל פון דר. פרידענוואַלד זאָגט אונז אויך, אַז דער וואָרט „ערל", וואָס מיינט „ניט גע'מל'ט", בעדייטעט אויך „אונריין", און אַז ביי די אַראַבער, די שבטים פון קליין־אַזיע און נאָרד אַפריקאַ מיינט דער וואָרט „טהר" (ריינליכקייט) אויך „מל זיין". פון דעם אַליין קען מען דרינגען, אַז „מל זיין" און ריינליכקייט האָבען אַ שטאַרקע שייכות איינע מיט די אַנדערע.

„איז עס טאַקע געזונד?"—פרעגט ווייטער פריינד ראָזענצווייג. און ער ציטירט דר. פרידענוואַלד: „אַז עס שיצט עפּעס געגען סיפילים קען קיין צווייפעל ניט זיין, אָבער איך האָב געזעהען פיעל פעלע פון אָנפאַנגענדע סיפילים אין אַזעלכע, וועלכע זיינען געוועזען גע'מל'ט".

ווען פריינד ראָזענצווייג האָט זיך אָבגעשטעלט באריכות אין דער ערשטער העלפט פון זיין אַרטיקעל איבער דער ענטשטעהונג פון „מל זיין", וואָס דאָס איז, לויט זיין מיינונג, ניט אַזוי וויכטיג, האָב איך ערוואַרטעט, אַז ער וועט, ווענינגסטענס, מאַכען וועלכע

עס איז אנשטרענגונג, ברענגען מעהר ראַציאָנאַלע פאַקטען פון מעדיציניש עטאַנדפּונקט, צו בעווייזען, אז עס איז טאַקי ניט געזונד, און ניט ערוואַרטעו, אַז דער לעזער פון דר. פרידענוואַלד'ס בעהויפּטונג אין דער איד. ענצ. וועט נעהמען פאַר גענוג איבער־צייגענד.

עס איז אַ פאַקט, אַז טויזענדער און טויזענדער ניט־אידען לאָזען זייערע קינדער און אויך זיך בעשניידען, מיט דער איינציגער אבזיכט צו פערהיטען אַ פימאָסים. אַז פימאָסים איז אַן אַלגעמיינע אַלטעגליכע ערשיינונג ביי ניט־גע'מל'טע, וועט אייך יעדער דאָקטאָר ערקלערען, און אַז פימאָסים איז אונמעגליך ביי בעשניטענע קינדער, וועט אייך אויך זאָגען יעדער דאָקטאָר.

איז פימאָסים ווירקליך אַזאַ שרעקליכע זאַך, אַז עס לוינט זיך זאָגאָר דורכצומאַכען דעם "שמוציגען" מנהג פון בעשניידונג? דער ענטפער איז, אַז עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז עס לוינט זיך יאַ.

פּראָפעסאָר עממעט האָלט, איינער פון די גרעסטע אויטאָרי־טעטען אויף קינדער־קראַנקהייטען אין אמעריקא, האָט פאָלגענדעס צו זאָגען וועגען פימאָסים:

"דער צעטעל פון רעפלעקטיווע ערשיינונגען, וועלכע זיינען צוגעשריבען צו פימאָסים, איז אַ לאַנגער און שליסט אין זיך איין די מעהרסטע פונקציאָנעלע און נערוועזע קראַנקהייטען פון דער קינדהייט. עס איז פאַראַן גענוג בעווייזע, דאָס פימאָסים קען זיין די אורזאַכע, אבוואָהל זעלטען, פון סט. וויטוס טאַנץ, עפּילעפּסיע, קאָנוואולסיע, היסטעריע, פאַלשען פאַראַליז, ספּאַזמען פון די מוס־קולען, בלינדקייט, דיאַרעהאַ און פיעלע אַנדערע נערוועזע קראַנק־הייטען. (פּראָפּ. האָלט'ס "דיזיס אָוו אינפענטס ענד טשילדרען", זייטע 36).

און צום סוף אויף דיזעלבע זייט פון דעמזעלבען בוך זאָגט פּראָפ. האָלט, דאָס פימאָסים איז אויך אָפט די אורזאַכע פון פער־שיעדענע הערניאַס (ברוך), דאָס אַרויסקריכען פונ'ם אונטער־לייב, וואַסער־ און עהע־זאַק, ענטצינדונג פון אורין־קאַנאַל, און זאָגאָר די פאָרמירונג פון סיסטס.

וואָס גיט פּראָפּ. האָלט פאַר אַ מיטעל פאַר די אויבענאויסגע־רעכענטע קראַנקהייטען? קיין אַנדער זאַך, ווי בעשניידונג—אַלס ראַדיקאַלעס מיטעל.

אום אויסצורעכענען אלע נעמען פון די פערשיעדענע קראנק־הייטען, וועלכע קענען זיך נעהמען פון א לאנגער פארהויט, און די נעמען פון מעדיצינישע און כירורגישע אויטאריטעטען, וועלכע גיבען אן פימאסים, אלס אורזאכע און "מל זיין" אלס הייל־מיטעל, וואלט פערנומען פיעל מעהר פלאץ, ווי מען קען זיך ערלויבען אין א וואכען־בלאט. אבער דאך קען איך זיך ניט צוריקהאלטען פון צו דערמאנען איינינע פון די מעהר בעוואוסטע אויטאריטעטען:

ניקאלאס סען, פערפאסער פון "פרינציפען פון כירורגיע", "פראקטישע כירורגיע" און אנדערע מעדיצינישע ביכער, איז א פערטהיידיגער פון "מל זיין", ניט נור, אלס הייל־מיטעל, נור אויך אלס פערמיידונג פון די פערשיעדענע קראנקהייטען.

דא־קאסטא, ראזען, קארלעס און אנדערע בעריהמטע פערפא־סער איבער כירורגיע, גיבען אן פימאסים אלס אורזאכע פון הערניאס.

פראפ. ב. פ. קורטיס, אין "דהי אמעריקאן טעקסט בוק אוו דזשעניטא־אורינערי דיזיסעס", בעהויפטעט, דאס פימאסים פער־אורזאכט געשלעכטליכע אויפרעגונג און שעדליכע פראקטים פון אנאניזם ביי קינדער. און אלס הילפס־מיטעל דערצו גיט ער "די פארצייטיגע בעשניידונג".

בעקענט מען זיך נעהנטער מיט דער מאדערנער מעדיציני־שער וויסענשאפט, און איבערהויפט מיט דער מאדערנער טהערא־פאטיקס, דאס הייסט, די היילונגס־לעהרע, בעמערקט מען, דאס די לעצטע צייט האלט זי מעהר פון "פראפילאקסים", פערמיידונג, ווי היילונג. און די מעהרסטע עהרענהאפטע און געוויסענהאפטע דאקטוירים האלטען זיך אן דער מאטא: "א לויט פערמיידונג איז ווערטה א פונט היילונג". און אזוי זעהען מיר, ווי מען שטעלט קינדער פאקען, מען מאכט איינשפריצונגען פון פלעקסנערס סערום גענען געהירען־ענטציגדונג, און איך זעה ניט, וואָרום די קליינע אפעראציאן פון בעשניידונג צו פערהיטען פימאסים מיט איהרע פאלגען, איז מעהר בארבאריש, ווי די אויבען־דערמאנטע איינ־שפריצונגען.

אט, למשל, בעהויפטעט אנאנדער אויטאריטעט, רעמאנדינא, וואס האט געמאכט א גרינדליכען שטודיום פון דער בעשניידונגס־

פראגע, אין זיין בוך: "די געשיכטע פון בעשניידונג", זייטע 200, פאלגענדעס: "די כירורגישע און מעדיצינישע געשיכטע פון בעשניידונג איז אינטים פעראייניגט מיט די טיעפסטע צייטען, און דאס איז אין דער ווירקליכקייט די פריהסטע כירורגישע אפעראציע, פון וועלכער מיר האבען א רעקארד. פון דיזעלבע רעקארדס קריגען מיר צוויי אנצוהערעניסען איבער די צוויי אבזיכטען פון בעשניידונג, אלספערמיידונג אדער היילונג פון געוויסע קראנקהייטען".

אז איינער האט מורא פאר שדים, וועט ער זיי אימער זעהען. און פר. ראזענצווייג זאגט זיך ווייטער: "און א ציוויליזירטעס פאלק, אונטער דער זון פון אייראפעאישער ציוויליזאציאן פון צוואנציגסטען יאהרהונדערט, האלט זיך מיט איהם, צום שפאט פון דער גאנצער וועלט. ווען די רעליגיאן זאל ביי אידען ניט אוועקרויבען דעם חוש פון בושה, וואלט ער מיט דיזען בלוטיגסטען פון אלע רעליגיעזע שאנדטהאטען שוין לאנג פערטיג געווארען".

ווארום עפעס גראד ביי אידען האט די רעליגיאן אוועקגערויבט דעם חוש פון בושה? איז די מאיאריטעט ניט־אידען שוין גענצליך פריי פון רעליגיאן? און איהר וועט דאך ניט בעהויפטען, אז די גרעסטע טהייל פון דער מענשהייט בעזיצט ניט דעם חוש פון בושה?

און דאס, וואס די אידען האלטען זיך מיט דעם "שמוציגען מנהג", הייסט עס, צום שפאט פון דער גאנצער וועלט, איז אויך ניט אזוי געפעהרליך, ווייל, נאך אלעמען, איז די גאנצע געשיכטע אביסעל איבערטריבען (זאל מיר פר. ראזענצווייג ענטשולדיגען!) די גאנצע ציוויליזירטע וועלט שפאט גארניט, ווי פר. ראזענצווייג דענקט. נעהמט טאקי נאך אמאל דאס בוך "די געשיכטע פון בעשניידונג" פון רעמאנדינא, וואו ער צייגט, דאס, א דאנק דעם "שמוציגען מנהג" פון בעשניידונג, זיינען אידען מאראליש פיעל העכער פון אנדערע פעלקער: דאס, א דאנק די בעשניידונג, זיינען אידען מעהר דויערהאפט און קענען געבען מעהר ווידערשטאנד פערשיעדענע ווענערישע, ארגאנישע און אין אלגעמיין אנשטעקענדע קראנקהייטען. דאס גאנצע בוך איז א לויב־געזאנג דעם אידישען פאלק פאר דעם בעשניידונגס־מנהג. און ניט נור רעמאנדינא, נאר הונדערטער בעריהמטע מעדיקער און כירורגען אין אלע צייטען, וועלכע בעלאנגען, אדער האבען בעלאנגט אין זייער צייט צו די

ציוויליזירטעסטע מענשען, רעקאָמענדירען בעשניידונג, אַלס היי־
לונג און פערמיידונג צו פערשיעדענע קראַנקהייטען.

אין די געשיכטע פון בעשניידונג געפינט מען צווישען די פער־
טהיידיגער דערפון ניט קיין קלענערע פערזענליכקייטען, ווי פילאָ,
מאימאָנידעס, דר׳ ראָזענצווייג, וועלכער האָט עס רעקאָמענדירט
צו דער פריסישער אַרמעע אַלס פערהיטונגס־מיטעל געגען ווענע־
רישע קראַנקהייטען. אין די לעצטע העלפט פון ניינצעהנטען יאהר־
הונדערט צייגט דר. בערענמיים פון פּאַריז מיט סטאַטיסטיק, אין
זיין בראָשורע איבער בעשניידונג, דאָס סיפילים און שווינדזוכט
געפינט זיך ווענינגער צווישען גע׳מל׳טע, ווי צווישען ניט־גע׳מל׳טע.
דאָס זעלבע האָט אויך בעהויפּטעט דר. האַטשינסאָן, אין 1854,
דאָס צווישען די קלינישע פּרייע פּאַציענטען פון דעם מעטראָפּאָ־
ליטאַן האָספּיטאַל אין לאָנדאָן, איז די פּראָפּאָרציע פון אידישע
און קריסטליכע פּאַציענטען, וועלכע זיינען אָנגעשטעקט מיט סי־
פילים—איין איד צו דריי קריסטען, און אין זיין בוך ״פּרעווענטיוו
מעדיסין״, בעהויפּטעט דר. האַטשינסאָן, דאָס סיפילים געפינט זיך
אין אַלגעמיין ווענינגער צווישען די גע׳מל׳טע ראַסען, ווי צווישען
די ניט־גע׳מל׳טע. ווער עס האָט מעהר אָדער ווענינגער געלעזען
די געשיכטע פון די אנשטעקענדע קראַנקהייטען און הויפּטזעכליך
סיפילים, וויים, אַז די זאָגענאַנטע ווילדע שבטים, וואָס האַלטען
פון ״מל זיין״, האָבען גאָר ווענינג געוואוסט דערפון, איידער זיי
זיינען געקומען אין בעריהרונג מיט די זאָגענאַנטע ציוויליזירטע
ניט־גע׳מל׳טע ראַסען.

ווער עס לעזט מעדיציניישע זשורנאַלען רעגעלמעסיג, וויים,
ווי אָפט און ווי ערנסט די פראַגע פון בעשניידונג ווערט בעהאַנ־
דעלט פון אַ פּראָפעסיאָנעלען שטאַנדפּונקט, און ווערט זיין ווייט
פון דער מיינונג, אַז דאָס זיינען אַרטיקלען פון שבּאָט. אויב
שפּאָט, טו וואָרום זאָל אַזוי פיעל געשריבען ווערען וועגען דעם אין
וויסענשאַפטליכע זשורנאַלען, און אויך רעקאָמענדירט ווערען פון
מענשען, וואָס שטעהען אַז דער שפּיצע אין דער מעדיצינישער
וויסענשאַפט ?

די געשיכטע מיט׳ן קראַקויער מוהל איז אַ גאַנץ אינטערע־
סאַנטע, אָבער צו דערזעלבער צייט ניט מעהר, ווי אַן אינצידענט.

וואָס טרעפט זאָגאַר מיט די מאָדערנסטע דאָקטוירים, און איז אין אַלגעמיין ניט קיין ארגומענט געגען בעשניידונג, נור העכסטענס געגען מציצה. מען דאַרף אויך ניט פערגעסען, אַז דער קראַקויער מוהל האָט ווייניג וואָס געוואוסט פון היגיענע און אנטיסעפּסיס. ווייל די מאָדערנע מוהלים ווייסען שוין יאָ דערפון. און מציצה איז אַ זאַך, וואָס ווערט מיט יעדען טאָג אַלץ ווייניגער פּראַקטיצירט.

וואָס אַנבעלאַנגט די צוויי שבטים, וואָס האָבען אויפגעגעבען די פּראַקטיצירונג פון בעשניידונג, אויס שאַנדע פאַר זייערע מעהר־ציוויליזירטע מיט־מענשען, מיט וועלכע זיי זיינען געקומען אין בעריהרונג, רעדט ווייניג וואָס געגען דעם מנהג פון "מל זיין". עס איז אויך אַ בעוואוסטער פאַקט, דאָס פיעלע קריסטליכע מי־סיאָנערען, וועלכע זיינען געקומען אין בעריהרונג מיט "ווילדע" שבטים, וואָס האַלטען פון "מל זיין", האָבען מיט דער צייט אָנ־גענומען דעם "שמוציגען מנהג" פון די ווילדע, און דאָס האָט זיי גאָרניט געשאַדט צו פערבלייבען גוטע קריסטען ביז היינטיגען טאָג.

די געשיכטע דערצעהלט אונז אויך, ווי פיעלע קריסטען, קע־ניגע און פּאַפּסטען, זיינען געראַטהען געוואָרען פון זייערע הויף־דאָקטוירים זיך צו בעשניידען. פיעלע האָבען עס טאַקי געטהאָן אויך, נור אַנדערע האָבען זיך צוריקגעהאַלטען דערפון בלויז צו־ליעב דעם, מען זאָל אויף זיי ניט זאָגען, אַז זיי האָבען אָנגענומען די אידישע רעליגיאָן. לויט דער זעכצעהנטער האָט זאָגאַר דורכ־געפיהרט אויף זיך זעלבסט די אָפּעראַציאָן פון בעשניידונג, לויט דעם ראַטה פון זיין הויף־דאָקטאָר, אום ער זאָל האָבען די מעגליכ־קייט צו האָבען קינדער מיט מאַריא אַנטאַנעטאַ. עס איז אויך פערבונדען אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד מיט דיזער געשיכטע, אָבער דאָ איז ניט דער פּלאַץ עס צו דערצעהלען.

וואָס איז דער זין פון "פּריעה"? פרעגט פריינד ראָזענצווייג, און ער זאָגט ווייטער, אַז אויב עס איז דאָ וועלכער ניט איז זין אין פּריעה, איז עס בלויז מיט דעם איינציגען אבזיכט צו פערשאַפען וואָס מעהר שמערצען דעם קליינעם אונשולדיגען נפש. אי, פאַר־וואָס? ווייל די אידישע רעליגיאָן איז פיעל גרויזאַמער און באַר־באַרישער פון מאַהמאַדאַנישער, די לעצטע האַלט ניט פון פּריעה,

די אידישע יגן, אבער פאר יעדען וואס וויל האבען א מעהר ראַ־ציאנאליסטישע ערקלערונג, איז דער זין פון פריעה לייכט ערקלער־באר. די מאכמעדאנער בעשניידען בלויז דעם פארהויט, און פון א כירורגישען שטאנדפונקט איז עס ווייט פון זיין צופרידענשטעלענד, ווייל דער אבזיכט איז אבצודעקען די גלענדס, וואס גיבען פון זיך ארויס סמעגמא. און אויב די דינע הייטעל ווערט ניט פארנאנדער־געטהיילט, בלייבט נאך אלץ דער גלענד פערדעקט, און די סמעגמא האט ניט קיין פרייען ארויסגאנג. דאס האבען אידען איינגעזעהן און האבען מאקי אנגענומען דעם מנהג פון פריעה, אבער פאר קיין פאל ניט דערפאר, ווייל "פאר די באשי־בוזוקעס איז דיזער מנהג געוועזן צו־גרויזאם, פאר די "רחמנים בני רחמנים" ניט. איז עס דאך א פאקט, אז די מאדערנע כירורגען מאכען דורך דיזעלבע טעכניק, וועלכע די אידישע מוהלים געהען דורך, מיט דעם איינציגען אונ־טערשיעד, דאס אנשטאט, וואס דער מוהל נעהט עס דורך מיט דעם שפיץ פון נאגעל, וועלכען ער האלט ספעציעל פאר דעם, מאכט עס דער כירורג מיט א שער. איך וועל איינשטימען, אז מיט א שער אונטער אנטיסעפטישע בעדינגונגען איז פיעל זיכערער נעגען אנ־שטעקונג, מען דארף אבער אויך ניט פערגעסען, אז די היינטיגע כירורגישע מעטהאדען האבען זיך ענטוויקעלט שטופענווייז, און עס איז צו האפען, דאס די טעכניק פון פריעה וועט מיט דער צייט רעפארמירט ווערען אזוי גוט ווי מציצה, אוןביידע וועלען אין דער נאהענטער צוקונפט זיין א זאך פון דער פערגאנגענהייט.

.25

## אַן ענטפער אויף דער פערטיידיגונג.

גערענק אַז בייטען דיין מיינונג,
און פאָלגען דעם וואָס פאַריכט דיין
טעות, שטימט פונקט אַזוי איבער־
איין מיט פרייהייט ווי זיך האַל־
טען מיט'ן טעות.

מארק אורעל.

**דיזער ענטפער איז** ערשינען אין דער "פרייע ארבייטער שטימע", דעם 21טען אויגוסט 1915.

דאָקטאָר בען־עמרם, וועלענדיג בעווייזען, אַז מ'ל זיין איז געזונד, ברענגט ציטאַטען פון אויטאָריטעטען פון מעדיצין—עפּעס וואָס איז אונז אַבסאָלוט פרעמד, און קענען עס ניט בעשטרייטען.

מוזען מיר נעהמען דעם דאָקטאָר'ס וואָרט. אַבער מיט אונ־זער בעסטען ווילען קענען מיר דאָס ניט טהאָן. און אַט פאַרוואָס:

צווישען אַנדערעס זאָגט דער דאָקטאָר פאָלגענדעס: "דאָס־זעלבע האָט אויך בעהויפּטעט דר. האַטשינסאָן אין 1854. דאָס צווישען די קלינישע פרייע פּאַציענטען פון דעם מעטראָפּאָליטאַן האָספּיטאַל אין לאָנדאָן איז די פּראָפּאָרציע פון אידישע און קריסטליכע פּאַציענטען, וועלכע זיינען אַנגעשטעקט מיט סיפיליס —איין איד צו דריי קריסטען".

דאָס איז ניט ריכטיג.

אַט ווי די בעהויפּטונג פון **דר.** האַטשינסאָן לויטעט אין אמת'ען.

"אין מעטראָפּאָליטאַן פרייעם האָספּיטאַל אין לאָנדאָן, וואָס געפינט זיך אין אַ אידישער געגענד, איז אין יאָהר 1854 געוועזן די פּראָפּאָרציאָן פון דרויסענדיגע פּאַציענטען פון אידען צו קריסטע־כמעט 1 צו 3 (דאָס הייסט, דריי מאָל אַזוי פיעל קריסטליכע קראַנקע, ווי אידען) דאָך די פּראָפּאָרציע פון סיפיליטישע קראַנקע איז געוועזן ווי דער שייכות פון 1 צו 15.

דערפון איז צו זעהען, אַז דאָקטאָר בן־עמרם מאַכט אויף די אידען אַ בלבול. די פּראָפּאָרציע פון סיפיליטיש־קראַנקע אידען איז פיעל קלענער, ווי ער גיט עס אָן.

דאָס צייגט, אַז דער דאָקטאָר גלויבט ניט אין פּינקטליכקייט.

נור אַזוי ווי דער דר. איבערטרייבט ניט, נור, פּערקעהרט, ער אונטערשעצט נאָך, ווע̇לען מיר אָננעהמען אַלע זיינע ציטאַטען פאַר ריכטיג.

און מיר טהוען דאָס, ווייל אונז לוינט זיך. אונז לוינט זיך צו געהן נאָך ווייטער, און זאָגען, אַז אויף יערען איד, וואָס ליידט פון אַן אַנשטעקענדער קראַנקהייט, זיינען דאָ פופציג קריסטען.

איז יעצט די פראַגע, צי אפילו דיזע זעהר איבערטריבענע ציפער צייגט, אַז דאָס מל זיין האָט עפּעס צו טהאָן דערמיט?

מיר ווע̇לען עס פּרובירען בעווייזען.

מיר נעהמען אָן אַלס זיכער, אַז וועהרענד פופציג ניט־גע'מל־טע ווערען סיפיליטיש קראַנק, ווערט קראַנק בלויז איין גע'מל'טער, דאָס הייסט, פופציג קריסטען אויף איין איד.

יעצט איז די פראַגע: פאַרוואָס איז דיזער איינער גע'מל־טער קראַנק געוואָרען?

אויב בעשניידונג העלפט פערהיטען פון געשלעכטליכער קראַנקהייט, פאַרוואָס האָט עס פערהיט 49 און איינעם ניט?

אויב מל זיין בעשיצט, פאַרוואָס האָט עס דעם איינעם אויך ניט בעשיצט?

דערצו איז פאַראַן איין ענטפער, נעמליך, אַז מל זיין אַליין איז ניט גענוג צו בעשיצען איינעם פון ווענערישע קראַנקהייטען:

ווייל, ווען יא, פאַרוואָס זאָל עפּעס די נאַטור מאַכען אַן אונטערשיעד צווישען איין גע'מל'טען און אַ צווייטען?

אַלזאָ, מל זיין אַליין איז ניט גענוג. עס מוז זיין נאָך עפּעס אַ פאַקטאָר, וואָס מישט זיך אריין, אַ פאַקטאָר, וועלכער איז אַנ־ווועזענד ביי די 49 גע'מל'טע, און איז ניט אַנוועזענד ביי דעם איינעם.

לאָמיר דיזען פאַקטאָר אָנרופען "פאַקטאָר "עקס".

מיר ווע̇לען איהם פּרובירען געפינען.

לאָמיר צוערשט אויסגעפינען, צי צווישען די ניט־גע'מל'טע איז אויך פאַראַן אַזאַ זאַך, ווי אַז איינער זאָל קראַנק ווערען און אַ צווייטער ניט, און טאַקי אונטער דיזעלבע אומשטענדען. און אויב דאָס איז דער פאַל. איז דאָ אויך פאַראַן דער מיסטעריעזער פאַקטאָר "עקס".

און אויב דער פּאַקטאָר ״עקס״ איז פאַראַן ביי דיזע, מוז שוין ניט זיין שווער איהם צו געפינען.

אַלזאָ, איז צווישען ניט גע׳מל׳טע אויך פאַראַן עפּעס א פּאַקטאָר, וואָס מאַכט, אַז אַ קראַנקהייט זאָל ווירקען אויף איינעם מעהר, ווי אויף אַ צווייטען.

זאָל דער לעזער זיך ניט שרעקען, דערצו איז נויטיג אביסעל סטאַטיסטיק.

אַט וואָס די סטאַטיסטיק צייגט:

פון הונדערט אידען האָבען זיעבצעהן געהאַט סיפּילים אין דעמזעלבען האָספּיטאַל, פון וועלכער דר. בן־עמרם רעדט. און פון יעדע הונדערט ניט־אידען—צוויי און זעכציג, וואָס דאָס מיינט כמעט פיער ניט־אידען אויף איין איד. יעצט פּאַסט אויף, געדולדיגער לעזער. אין דעמזעלביגען האָספּיטאַל, אין דעמזעלביגען יאָהר זיינען פון הונדערט ס י פ י ל י ט י ש ע פ ר ו י ע ן גע־ווען צוואַנציג אידישע און צוויי און זעכציג ניט־אידישע. און דאָס מיינט, אַז די פּראָפּאָרציע פון קראַנקע אידישע פרויען איז אזוי קליין, ווי די פּראָפּאָרציע פון קראַנקע אידישע מענער.

מילא, אַז די פּראָפּאָרציע פון סיפּיליטישע מענער איז קליין, ווייסען מיר: עס איז דערפאַר, ווייל די מענער זיינען גע׳מל׳ט; אָבער די פרויען? זיי זיינען דאָך ניט גע׳מל׳ט? צייגט דאָס ניט אויף עפּעס אַ פּאַקטאָר א חוץ דעם מל זיין?

און איז דאָס אקאָרסט ניט דער געהיימניספּולער ״עקס״?

אַט וואָס די סטאַטיסטיק פון ניו יאָרק צייגט:

פון יעדע הונדערט טויזענד איירישע זיינען אין יאָהר 1890 געשטאָרבען צוויי הונדערט צוויי און זיעבציג פון יורין־קראַנק־הייטען: איטאַליענער פון דערזעלביגער קראַנקהייט, אין דער־זעלבער צייט, אויפ׳ן זעלבען אָרט, בלויז דריי און זיעבציג פון יעדע הונדערט טויזענד.

זיינען די איטאַליענער גע׳מל׳ט?

די איירישע אויך ניט!

אַלזאָ, וועלכער פּאַקטאָר שפּיעלט דאָ די ראָליע?

מענשען פון איין שטאַם, עמיגרירט פון איין וועלט־טייל, פון איין גלויבען, פון איין ראַסע, ביידע שווער־אַרבייטענדע, און

דאך איז די שטערבליכקייט פראפארציאנעל ביי איין פאלק אזוי גרויס אין פערגלייך מיט'ן צווייטען!

וועלכער איז דא דער פאקטאר ''עקס''?

פערשטעהט דער לעזער, אז דא מוז זיין א פאקטאר, וועלכער ווירקט אזוי שעדליך אויף די איירישע, און ניט אויף די איטאַ־ליענער?

דער איירישער טרינקט. דער איטאַליענער ניט.

איז דאס דער מיסטעריעזער ''עקס''?

די סטאטיסטיק זאגט: ''יא''.

אונטער דיזעלבע אומשטענדען זיינען געשטארבען פון יערע הונדערט טויזענד איין און דרייסיג איירישע פון אלקאהאליזם, און בלויז איין אמעריקאנער.

און אז אידען שטארבען ווייניגער, איז עס, ווייל זיי זיינען גע'מל'ט!

גאט הייסט א אידען פאסטען אויסדריקליך כדי ער זאל פייניגען זיין נפש. און פרעגט איהר א האלב־געבילדעטע: הי־פאקריט, פארוואס ער פאסט יום כפור, זאגט ער, ווייל עס איז געזונד.

וואס פאר א שרעק מוז בעפאלען דעם לעזער פון דר בן־עמרם'ס ענטפער, ווען ער לעזט דורך דאס צעטעל פון קראנק־הייטען וועלכע דער ניט־גע'מל'טער איז אונטערווארפען!

און עס ווערט נאך שרעקליכער, ווען מען האט אין זינען, אז איין העלפט פון דער אידישער נאציאן איז ניט גע'מל'ט, אז ווע־ניגסטענס א גאנצע טויזענד מיליאן ציוויליזירטע מענשען זיינען ניט גע'מל'ט. איהר פערשטעהט, וואס דאס מיינט? טויזענד מיליאן הויך־ציוויליזירטע מענשען מוזען ווערען קאליקעס, ווייל זיי פערשטעהען נאך ניט דאס, וואס דער האלב־מאלפע־און־האלב־מענש פון די אפריקאנער וועלדער פערשטעהט, נעמליך, אז מל זיין איז א רפואה צו די אלע שרעקליכע קראנקהייטען.

דער שרעק פערוואנדעלט זיך אבער אין א שמייכעל, ווען אין דעם צעטעל פון קראנקהייטען געפינט זיך אויך דער ''ברוך''.

גאט פון אלע וועלטען! דער ברוך איז א רעזולטאט פון ניט־גע'מל'ט זיין!

און מל זיין איז א ״ראַדיקאַלער מיטעל״ דערצו!

קומט, הייסט עס, אויס, אַז די מייסטע פרומע אידען זיינען ניט־גע׳מל׳ט.

ווער האָט עס געזעהען אַן אמת־פרומען אידען אהן א ברוך?

וואָס רעדט איהר, דאָקטאָר? דער ברוך איז דאָך א חלק פון אידישקייט!

זאָגט דעם אמת, הערר דאָקטאָר, מיינט טאַקי פּראָפ. האַלט צו זאָגען, אַז בלינדקייט און ברוך קענען געהיילט ווערען דורך מל זיין, ווי איהר ווילט, אַז דער לעזער זאָל עס פערשטעהן?

וואָס דען מיינט איהר, ווען איהר רופט אויס אין טריאומף: ״וואָס גיט פּראָפ. האַלט פאַר א מיטעל פאַר די אויבען־אויסגערע־בענטע קראַנקהייטען? קיין אַנדער זאַך, ווי בעשניידונג—אַלס ראַדיקאַלעס מיטעל״.

וואָס ווערט דר. בן־עמרם זאָגען וועגען די צעהנדליגע קראַנק־הייטען, וואָס זיינען ספּעציעל אידישע? זיינען זיי אויך דער רעזולטאַט פון מל זיין?

פּונקט אַזוי פיעל אָדער אַזוי וועניג, ווי דאָס מל זיין האָט צו טהאָן מיט די ספּעציעל אידישע קראַנקהייטען, אַזוי וועניג האָט עס צו טהאָן מיט דעם פערהיטען אָדער היילען די קראַנקהייטען, וועלכע איהר רעכענט אויס.

אמת, אידען האָבען א קלענערען פּראָצענט סיפיליטיש־קראַנ־קע און אַנדערע געשלעכטס־קראַנקהייטען, אָבער דאָס איז ניט, ווייל מיר זיינען גע׳מל׳ט.

אמת, דאָס גע׳מל׳ט זיין איז א פאַקטאָר פון פערהיטען גע־וויסע קראַנקהייטען, עס איז אָבער ניט דער איינציגער, ניט דער גרעסטער און ניט אַבסאָלוט נויטווענדיג.

פיעלע פאַקטאָרען צוזאַמען ווירקען, כדי צו בעשיצען דעם אידען מעהר ווי דעם ניט־בעשניטענעם פון געוויסע קראַנקהייטען. און טאַקי דיזעלבע פאַקטאָרען, אָדער מאַנכע פון זיי, העלפען דעם אידען בעקומען אַנדערע קראַנקהייטען, וועלכע דער ניט־גע׳מל׳טער האָט וועניגער, ווייל אין זיין אַרט לעבען פעהלען דיזע פאַקטאָ־רען. מיר וועלען נעהמען בלויז צוויי ביישפּיעלע:

שכרות איז איין גרויסער פאַקטאָר.

די בעהאנדלונג וואס דער איד האט געקראגען פון זיינע קריסטליכע שכנים דורך די פערגאנגענע יאהר־הונדערטע, האט ביי איהם צוגענומען דעם אפעטיט צום טרינקען.

ווער עס ארבייט ניט שווער, דער פיהלט ניט קיין פערלאנג נאך אלקאהאל. און אפילו שווער ארבייטען האבען די ליעבליכע קריסטליכע שכנים פון מיטעלאלטער דעם אידען ניט געלאזט.

און דער איד טרינקט ניט, און דאס שיצט איהם פון געוויסע קראנקהייטען, פון וועלכע איינער, וואס טרינקט יא, איז ווייניגער בעשיצט. דער איד ארבייט ווייניג אויף דער פרייער לופט. די מייסטע פון זיי זיינען "זיצענדיגע" ארבייטער, דערפאר איז "מערידען" א אידישע קראנקהייט. זי קומט פון צופיעל זיצען.

אזוי קען מען אנפיהרען א לאנגען צעטעל. נור צו וואס? דעם בלינדען פאנאטיקער וועט עס דאך ניט נוצען. דאס גהעטא־לעבען האט דעם אידען געצוואונגען צו לעבען מאראליש ריין און צו זיין צוגעבונדען צו זיין פאמיליע מיט הימלישער צערטליכקייט, און ער איז עס נאך ביז היינט. דאס איז א גרויסער פאקטאר איז בעשיצען דעם אידען פון געוויסע קראנקהייטען. דער איד וואוינט מייסטענס אין גרויסע שטעדט און איז דערפאר אונטערוואורפען צו געוויסע קראנקהייטען, צו וועלכע דער קריסט, וועלכער איז מייסטענס א דאפס־מענש, איז ניט אונטערוואורפען א. ז. וו.

אבער אפילו צוגעבען, אז מל זיין איז צוליעב סאניטארע צוועקען—טהוט עס דער איד צוליעב דיזען צוועק?

ווען דער איד לאזט מל זיין זיין קינד, טהוט ער עס ווייל ער וויל זיין קינד בעשיצען פון וועגערישע קראנקהייטען? אויב יא, איז דער א פערברעכער, וועלכער זאגט דעם אידען, אז מל זיין איז שמוציג און בארבאריש, אפילו, ווען ער וויים, אז דער איד האט א טעות. אויב דער איד טהוט עס צוליעב געזונדהייט, זאל ער עס טהאן געזונדערהייד. אבער טהוט ער עס אוים סאניטארע גרינדע? צו דער אייביגער עהרע פון רעליגיעזען אידען, מוזען מיר זאגען, אז ניין.

צו גלויבען, אז דער איד איז מל זיין קינד כדי איהם צו בע־שיצען פון קראנקהייטען, הייסט דעם אידען בעליידיגען. עס הייסט אז דער איד געהט פארבערייטען זיין קינד פאר אז אויסגעלאסענעם

לעבען, און ער, דער טאטע, בעשיצט איהם געגען די פאלגען פון אזא לעבען.

גענוים העלפט עס, נאריש איז בלויז דאס איבערטרייבען.

דעם בעסטען ענטפער דערצו וועט דער לעזער געפינען אין א פראכטפאלען ווערק "אפענע פאלקס־שפראך", אויף זייטע 487, געשריבען פון דר. פוט, א דאקטאר, וועלכער איז גוט בעקאנט אין די צירקלען פון דייטשע פריידענקער. דאס איז א ווערק, פאר וועלכען דער דאקטאר האט פיעל געאפפערט און פון וועלכען אידישע און קריסטליכע "קוואק־דאקטארען" האלטען אין איין גנב'ענען, שרייבענדיג גאנצע ביכער איבער "געשלעכטליכע פראגען" און קענען איהם גארניט בע'גנב'ענען.

דאס ווערק איז אויך בעקאנט אונטער'ן טיטעל "געזונדער מענשען־פערשטאנד". און, אויב מיר האבען קיין טעות ניט, איז דר. פוט געזעסען אין תפיסה, ווייל אין זיין בוך געפינט זיך אן אנצוהערענים, ווי אזוי צו האבען קליינע פאמיליעס.

מיר ווילען אויסדרוקען קורץ, וואס דר. פוט זאגט וועגען מל זיין.

יעדער ווייס, אז דער, וועלכער טראגט ווינטער א פעלץ, וועט זיך לייכטער פערקיהלען, ווי איינער, וואס טראגט דינע קליידער אפילו ווינטער, אויס דעם איינפאכען גרונד, ווייל די הויט פון זיין קערפער ווערט "איינגעהארטעוועט".

יעדער ווייס, אז ווען איינער, וואס טראגט שטענדיג האנד־שוה, ווען ער ניט זיך אפילו א לייכטען קלאפ אין האנד, מאכט זיך א וואונד. איינער, וואס ארבייט שווער, האט ניט מורא פאר א קלאפ אין זיין האנד, אפילו פון א שטארקען קלאפ וועט ער קיין וואונד ניט קריגען.

די ערלה איז א "האנדשוה".

דער פלאץ, וועלכער איז בעדעקט מיט איהר, איז צארט, דורכ'ן בעשניידען פאלט די צארטקייט אוועק.

עס איז דעם שרייבער'ס אונבעדייטענדע מיינונג, אז די ער־קלערונג וואס דר. פרידענוואלד גיט אין דער רוש. ענצ. איז אי עהרליך, אי ריכטיג.

דר. בן־עמרם רעדט אויך פון פריעה.

דעריבער וועט דער לעזער געפינען אַז ענטפער, ווען מיר וועלען אין אונזער "הימעל און ערד" רעדען איבער די גזרות פון רוימישען אימפעראַטאָר האדריאַן. די ערקלערונג, אָבער, וואָס דר. בען־עמרם גיט, צייגט, אַז די געשיכטע פון זיין פאַלק איז איהם פרעמד.

.26

# דער רמב"ם וועגען ברית מילה.

הונדערטע מענשען קענען ריידען
פאַר איינעם וואָר דענקט.
טויזענד אָבער קענען דענקען פאַר
איינעם וואָס זעהט.
צו זעהען קלאָר איז פּאָעזיע,
נביאות און רעליגיאָן, אַלעס
אין איינעם.

ר אַ ס ק י ן.

אַז דר. בן־עמרם איז ניט ערענסט אין זיין קריטיק איז צו זעהען פון דעם פאַקט, אַז ער איז ברוגז אויף דעם שרייבער פאַר־וואָס ער "שעפּט זיינע ידיעות" וועגען דיזען ענין פון דער אי־דישער עקציקלאָפּעדיע. און ער אַליין האָט כמעט קיין אנדערע! בוך ניט געברויכט צו בעגרינדען זיין ענטפער.

אויב דר. בן־עמרם ווייסט עס ניט, ווילען מיר אַז דער לעזער זאָל עס וויסען, אַז די דזשואיש ענציקלאָפּעדיע איז דאָס גרעסטע אידישע ווערק נאָכ'ן תלמוד, כאָטש אין א פרעמדער שפּראַך (איז דאָך דער תלמוד אויך אין א פרעמדער, טוידטער שפּראַך). ס'איז אַן אוצר פון וויסען. און אפילו די ענציקלאָפּעדיע בריטאַניקא, לעצטע אויסגאַבע, בעדיענט זיך מיט דיזען אוצר אַלס אויטהאָרי־טעט. און די לעצטע אויסגאַבען פון 1911 פון דער בריטישער ענציקלאָפּעדיע איז דער סך־הכל פון מענשליכען וויסען פון אַלע פערגאַנגענע יאהרהונדערטע.

אט וואָס די דזשאיש ענציקלאָפּעדיע זאָגט מיט בעצוג צו די נעמען וועלכע דר. בן־עמרם ציטירט פון דאָרט:

"ערקלערונגען וועלכע גיבען אן דעם גרונד פון מל זיין אלס היגיעניש, ארויסגעזאגט צוערשט פון פילא, (ידידיה האלכסנדרוני) יאזעפוס (יוסיפון) סאאדיא (סעדיה גאון) און פון רמב"ם און אפט ווידערהאלט אין דער מאדערנער צייט פון מיקאעלים ביז ראזענצווייג, וועלכער האט רעקאמענדירט די בעשניידונג פאר דער פרייסישער ארמעע, האבען בלויז א היסטארישען ווערטה".

אלזא, די פערטיידיגונג פון מל זיין אויף וועלכער דר. בן־עמרם שטיצט זיך, האט בלויז א היסטארישען ווערטה.

וואס אבער אנבעטרעפט דעם רמב"ם, פערטיידיגט ער גאר־ניט, נור ער ערקלערט און ניט מעהר.

אט וואס דער רמב"ם זאגט אין דריטען טהייל, ניין און פיער־ציגסטען קאפיטעל, פון זיין "מורה נבוכים" איבער מל זיין: "וואס אנבעטרעפט מל זיין, דענק איך אז איינע פון זיינע צוועקען איז צו בעגרענצען דעם געשלעכטיליכען אומגאנג, און אבצושוואכען דעם ארגאן פון רעפראדוקציאן אזוי פיעל ווי מעגליך און צו מא־כען דעם מענשען זיין איינגעהאלטען.

"מאנכע גלויבען אז מל זיין האט צום צוועק, די בעזייטיגונג פון א פעהלער אין דער פארמירונג פון מענש. אבער יעדער קען לייכט ענטפערען "ווי קען די ארבייט פון דער נאטור זיין פעה־לערהאפט אויף אזוי פיעל אזש זיך צו נויטיגען אין די דרויסענדינע פערפאלקאמענונג? ספּעציעל אז דער נוצען פון דער ערלה פון דיזען ארגאן איז קלאר!"

דער געבאט איז ניט אנגעזאגט געווארען, אלס א פערפאל־קאמענונג צו א ניט־פאלקאמענער פיזישער בעשאפונג, נור אלס א מיטעל גוט צו מאכען א מענשליכען מאראלישען פעהלער.

"דער קערפערליכער שאדען צו דיזען ארגאן איז דאס וואס איז בעאבזיכטיגט. עס שטערט ניט קיין שום לעבענס־ארבייט און עס צושטערט ניט די קראפט פון פריה־ורביה.

"מל זיין העלפט בלויז געגען צו־פיעל תאוה. ווייל ס'איז קיין צווייפעל ניט אז מל זיין שוואכט אב די געשלעכטליכע איפרעגונג, און מאנכע מאל פערקלענערט עס דעם נאטירליכען פערגניגען.

דער ארגאן מוז נאטירליך ווערען שוואך דורך דעם פערלירט פון בלוט, און פערלירט באלד זיין צורעק.

"אונזערע חכמים האבן געזאגט (דא ברענגט דער רמב"ם אן אויסצוג פון בראשית רבא, וועלכער איז א בעליידיגונג פאר'ן גאנצן פרויען־געשלעכט. מיר וועלן עס דערפאר אויסלאזן).

א צווייטע אורזאך גיט דער רמב"ם אן פאר מל זיין, וועלכע ער בעטראכט אלס וויכטיגער פון דער ערשטער, נעמליך: "עס גיט יעדן מיטגליער פון זעלביגען גלויבן א געמיינזאמען קערפער־ליכן צייכן, אזוי אז ס'איז ניט מעגליך פאר א פרעמדן צו זאגן אז ער געהערט אויך צו זיי".

דער רמב"ם האט נאך פיעל צו זאגן וועגן מל זיין, נור קיין נייעס זאגט ער ניט.

אינטערעסאנט איז דער פאקט וואס דער רמב"ם איז געווען א פעהיגער ארצט מיט א גרויסע פראקטיק, פילייכט דער אנגע־זעהענסטער ארצט פון זיין צייט און א דאקטאר פאר אלע קלאסן. און צווישן אלע אורזאכן פון מל זיין גיט ער איינע ניט אן אז דאס זאל זיין פאר געזונדהייטס־צוועקן.

און אין זיין צייט איז א פערהיטונגס־מיטעל געווען פיעל טייערער איידער א היילונגס־מיטעל.

אינטערעסאנט איז אויך וואס פראפעסאר סעהז האט דאריבער צו זאגן.

אין זיין בוך איבער "בבל און אשור", קאפיטעל דריי, זייטע פיער און פופציג, זאגט ער: "די שול האט אין שפעטערע צייטן זיך ענטוויקעלט אין א אוניווערזיטעט — — — — פון א ברוכ־טייל פון א בבל'שען מעדיצינישען ווערק, וועלכעס געפינט זיך יעצט אין בריטישען מוזעאום, מעגען מיר אפשר שליעסען אז די אוניווערזיטעט איז געווען בעריהמט הויפטזעכליך אלס א שול פון מעדיצין".

און אויף זייטע זיעבען און פערציג זאגט ער: "ס'איז צווייי־פעלהאפט צי מל זיין איז פראקטיצירט געווארען אין בבל, אין די אויסגעגראבענע שריפטען ווערט עס ניט דערמאנט, אויך דער־מאנען עס ניט די קלאסישע שרייבער אלס א בבל'שען מנהג, אזוי ווי די בבלים זיינען ניט איינע פון די נאציאנען פון מערב־אזיען, וועלכע, ווי ער זאגט, האבן געלערנט דיזען מנהג פון די מצרים. אברהם און זיין פאמיליע זיינען ניט בעשניטען געווארען ביז לאנג

נאך דעם וואס זיי האבען פערלאזען בבל און זיך בעזעצט אין כנען.

אפריקא און ניט אזיען, זעהט אויס איז געוועזען די היים פון דיזען מנהג״.

דיזע אלטע, ערפאהרענע נאציאן, וועמען מעדיצין איז ניט געוועזען פרעמד און וועלכע האט זיכער פערשטאנען דעם ווערטה פון א פערהיטונגס־מיטעל, אלזא, דיזע נאציאנען האט ניט פראק־טיצירט מל זיין.

דיזער פאקט דארף זיין גענוג צוווארפען א חשד אויף דער בעהויפטונג אז מל זיין איז איינגעפיהרט געווארען פאר געזונד־הייטס־צוועקען.

# פרעמדע מיינונגען איבער ברית מילה.

וואס דיין מיינונג איבער דיר
ווי דיין פריינדס איז ניכטיג
דיין שונא׳ס מיין, שיינט פאלש א פריהר
אם ענדע דאך איז ריכטיג.

ל. ר.

א חוץ דעם רמב״ם האבען פיעלע ערנסטע מענשען אויסגע־דריקט א מיינונג איבער דעם זאנדערבארען מנהג פון ברית מילה. זאנדערבאר, ווייל ער ווערט פראקטיצירט פון אידישען פאלק, א פאלק וועלכעס ווערט אפילו פון זיינע שונאים ניט געהאלטען פאר נאריש, כאטש טהאמאס באקעל רופט עס אן א קליין, דום פאלק.

מען קען אבער ניט זאגען אז אלע מיינונגען זיינען שמיי־כעלהאפט פאר׳ן אידען.

אונזער אייגענער ר. וואלדא עמערסאן אין אן אבהאנדלונג איבער פאעטען און פאעזיע, רעדט איבער סימבאלען און זייער ראלע אין מענשליכען לשון, רעליגיאן און אין לעבען אין אלגעמיין.

עמערסאן זעהט א סימבאל אין יעדען ווארט, א פאעזיע אין יעדען געדאנק און א פאעט אין יעדען מענש.

נאטירליך זעהט ער אויך פאעזיע אין יעדער רעליגיאן און א סימבאל אין יעדער רעליגיעזער צערעמאניע.

אויף איין פלאץ זאגט ער אויסדריקליך:

״די געשיכטע פון פריסטער־הערשאפטען שיינט צו צייגען דאס אלע רעליגיעזע טעותים זיינען בעשטאנען אין דעם וואס די סימבאלען זיינען געווען צו שטייף און פעסט״.

אויף אן אנדער פלאץ זאגט ער:

״די רעליגיאנען פון דער וועלט זיינען די שארפע אויסשפּראַכע פון עטליכע מענשען מיט פארשטעלונגס־קראפט״.

אויף אן אנדער ארט, ריידענדיג וואס די קראפט פון אמת׳ער פאעזיע קען אויפטהאן, זאגט ער:

״דאס פרומקייט פון די אידישע נביאים רייניגט אב זייער גראבקייט״.

״מל זיין, זאגט עמערסאן ווייטער, איז א ביישפּיעל פון דעם כח פון פאעזיע צו דערהויבען דאס נידריגע און דאס מאוס׳ע. קליינע און געמיינע זאכען דיענען אזוי גוט ווי גרויסע סימבאלען. וואס געמיינער דער טיף דורך וועלכען א געזעץ ווערט אויסגעדריקט, וואס מעהר אבשטויסענד, אלץ לענגער דויערט עס אין דעם זכרון פון מענשען״.

הערראדאט זאגט, אז דער גרונד פון מל זיין איז ריינליכקייט. אט זיינען זיינע ווערטער: *)

״די מצרים זיינען מעהר רעליגיעז ווי אנדערע מענשען־ראסען, זיי טרינקען פון בראנזענע בעכער, וועלכע זיי רייניגען יעדען טאג. זיי טראגען ליינענע קליידער, וועלכע זיינען תמיד פריש געוואשען. זיי זיינען זיך מל פאר צוועקען פון ריינליכקייט, זיי בעטראכטען ריינקייט בעסער ווי שעהנקייט״.

דער הייליגער פעטרוס, ריידענדיג פון ברית מילה, רופט ער עס אן א ״יאך וואס ניט אונזערע עלטערן, ניט מיר, זיינען געווען אימשטאנדע צו טראגען״.

ער קעמפפט געגען דעם אז דאס נור וואס אויפבליהענדע קריסטענטום זאל דיזען מנהג אננעהמען.

דער הייליגער פאול האט געזאגט: סיי בעשניטען, סיי אונבעשניטען איז גארניט. וויכטיג איז בלויז צו האלטען די מצוות פון גאט.

---

*) זעה אריגינעלע קוועלען, ערשטען באנד, זייטע 84.

דר. בארטאן אין זיין בוך "סעמיטישער אורשפרונג", גיט אלס גרונד פאר ברית מילה פאלגענדעס :

"די אומשטענדען אונטער וועלכע דאס מל זיין געהט צו אין אראביען צייגט אז דער מנהג שטאמט פון א קרבן וועלכען מען האט געבראכט צו דער געטין פון פרוכטבארקייט. דאס קינד איז דארורך געשטעלט געווארען אונטער איהר שוץ, און זיין קראפט פון "פריה־ורביה" איז געהייליגט געווארען צו איהר דיענסט.

אויב דער לעזער וועט אין זין האבען בארטאן'ס בעהויפטונג, וועט ער פערשטעהן פארוואס אברהם האט קיין קינדער ניט מיט שרה'ן ביז ער איז נײַן און נײַנציג יאהר אלט, אזוי שנעל אבער ווי ער איז זיך מל, ווערט ער פרוכטבאר.

דאס ערקלערט אויך פארוואס ביי דיזער געלעגענהייט זאגט גאט צו אברהם אז ער וועט מאכען אז פון אברהם וועלען ארויס־קומען פעלקער און קעניגע.

דאקטאר ה. ה. פלאס אין זיין גרויסען ווערק "דאס קינד אין ברויך און זיטע דער פעלקער" גלויבט ניט אין ריכטיגקייט פון שלום, וועלכען מיר האבען געצויגען פון בארטאן'ס בעהויפ־טונג, און אין ערשטען באנד, זייט 298 (שטוטגארד 1876) זאגט ער זיין מיינונג איבער דעם אורשפרונג פון ברית מילה ווי פאלגט :

"איבער דעם אורשפרונג און צוועק פון ברית מילה האט מען פיעל געשטריטען.

פיעלע האבען בעהויפטעט אז ס'איז ענטשטאנדען אויס גע־זונדהייטס־ריקזיכטען, ווייל אין די הייסע געגענדען ווערט דאס ארט וועלכעס די ערלה באדעקט לייכט קראנק דורך אומריינקייט.

"אבער פיעלע גאנץ אונריינע פעלקער האבען דיזען געברויך אנגענומען אהן געזונדהייטס־ריקזיכטען.

"אנדערע גיבען אן א פאליטישען גרונד.

"מיר קענען, מיט גרויס וואהרשיינליכקייט, אננעהמען אז די רעליגיעזע געזעצגעבער, וועלכע האבען דיזען מנהג געטראפען ביים פאלק, האבען איהם געפונען נוציך פון היגיענישען שטאנדפונקט און כדי ער זאל תמיד בלייבען אין פאלק, האבען זיי איהם אויס פאליטיש־רעליגיעזע מאטיווען פערהייליגט.

(דער לעזער, אויב ער האט די מעגליכקייט צו לעזען דאק־

טאר פלאס בוך אין דייטש, זאל ער עס טהאן. ער וועט געפינען זעהר ווענינ אנטראפאלאגישע ביכער מיט אזא בעלעהרענדען און אינטערעסאנטען אינהאלט).

פ. דעליטש פרעגט פערוואונדערט:

"קען מען געפינען איינעם (?) וועלכער זאל זיך האלטען אן גערשנק אז דאס מל זיין וועלכעס איז געווען אן אלטער מנהג ביי די מצרים און אראבישע בעדואינען איז דער צייכען פון א ספעציעלען קאנטראקט צווישען גאט און ישראל". *)

דער פראנצויזישער פילאזאף און וויסענשאפטסמאן ב. פאס־קאל, גלויבענדיג אז ברית מילה איז בלויז א צייכען פון א שבט, זאגט אין זיינע "געדאנקען" פאלגענדעס:

"מל זיין איז בלויז א צייכען (והיה לאות). א בעווייז דערצו איז דער פאקט, אז אין דער מדבר האבען די אידען זייערע קינדער ניט מל געווען, ווייל דארט האבען זיי ניט געקענט פערמישט ווערען מיט אנדערע פעלקער". **)

דאקטאר דארעל, ריידענדיג איבער משה, זאגט:

די תורה אליין דערצעהלט אז משה איז אויפגעצויגען גע־ווארען אין דער מיסטישער וויסענשאפט פון מצרים.

דיזע געצענדיענערישע וויסענשאפט איז דער פונדאמענט פון דער תורה, אין וועלכער מיר געפינען געצענדיענערישע און זא־נאר פראסט בארבארישע פארשטעלונגען. זיי אטעמען מיט דעם בלוט ריח פון היידענישען געצענדיענסט, וועלכער שטאמט פון נאך אן עלטערען געצענדיענסט, ביי וועלכען מען פלעגט ברענגען מענש־ליכע קרבנות". ***)

ס'איז דא ווערטה צו בעמערקען, אז פיעלע אויטהאריטעטען האלטען אז מל זיין שטאמט פון יענע צייטען ווען מען פלעגט מקריב זיין מענשליכע קרבנות, און ווי ה. ספענסער זאגט, "אנ־

---

*) זעה בבל און ביבעל, זייטע 189.

**) זעה געדאנק 610 פון פאסקאל'ס געדאנקען.

***) זעה "לעבען און וויסענשאפט" פון דר. דארעל, צווייטער טייל, זייטע 158).

שטאט מקריב צו זיין דעם גאנצען מענש האט מען מיט דער צייט אנגעהויבען מקריב צו זיין א ״שטיקעל״.

.28

## ״להכניסו בבריתו של אברהם אבינו״ וואס מיינט עס?

מיט גאט און מענש אין איין פערבאנד,
געהט ערד און הימעל האנד אין האנד.
און זאל די ערד דעם הימעל פיהרען,
מיינט די זון מיט שמוץ בעציערען.
ל. ר.

דערמיט ווערט דאס קינד איינגעפיהרט אין א פערבאנד, און בעת מען זאגט דאס שניידט מען. און דיזע צערעמאניע איז א טהייל פון דעם איינפיהרען א נייעם מיטגליעד אין פערבאנד אריין.

קלינגט דאס ניט עפעס בעקאנט: ״פערבאנד״, ״איינפיה־רען״, ״צערעמאניע״.

דאס צייגט ווי די גאנצע וועלט איז איינס.

גאט פיהרט אברהם'ן איין אין א נייעם פעראיין, געהט עס צו מיט א בלוטיגער צערעמאניע.

דער אויסטראליער, אפריקאנער, אדער אינדיאנער פיהרט זיין זוהן איין אין א פעראיין, געהט עס צו מיט א שרעקליכער צע־רעמאניע.

געהט איהר היינט אריין אין א נייעם פעראיין, געהט עס צו מיט א נארישער צערעמאניע.

פאנגט אייער זוהן אן צו געהען אין אן אמעריקאנער אוני־ווערזיטעט, פיהרט מען איהם איין מיט א ווילדער צערעמאניע.

מיר וועלען שפעטער צייגען, אז נאך ביז היינטיגען טאג, ווען צוויי ווילדע אפריקאנער שליסען א נייע בעקאנטשאפט, געהט עס צו מיט א בלוטיגער צערעמאניע און אפט בעשטעהט עס אין דעם וואס יעדער איינער פון די צוויי נייע פריינד לאזט זיך בלוט פון א גליעד פון זיין קערפער און די צוויי ביסלאך בלוט ווערען דאן אויסגעמישט, און דאס אויסגעמישטע בלוט איז א צייי־

כען א ״כרת־ברית״ אויף ״אייביג״ צווישען די נייע פריינד.

ה. ספענסער אין זיין ערשטען באנד פון זיין ״דאטא פון סאָ־ציאָלאָגיע״, ניינצעהנטען קאפיטעל, זאָגט פאָלגענדעס: ״אין מאנכע פעלע ווערען שטיקער פון די טוידטע פערשלונגען פון די לעבעדיגע, וועלכע זוכען דאדורך זיך צו בעגייסטערען מיט די גוטע מעלות פון טוידטען. און דערביי גלויבען זיי אז דערמיט גיבען זיי אָב כבוד דעם טוידטען.

״דיזע בלוטיגע צערעמאָניע האָט נאך צוויי אורזאכען, איינע פון וועלכע איז דער גלויבען אז ווען צוויי מענשען פערשלינגען פערשיעדענע חלקים פון זעלביגען מאכל, ווערט ביי יידע עסענדע א געמיינשאפטליכקייט פון זייערע נאטורען.

״מאנכע נעגער שבטים גלויבען אז עסענדיג די פערהייליגטע שפייז, עסען זיי און טרינקען דעם גאָט אליין. דער גאָט אליין, וועלכער איז איינער פון די אורעלטערן, האָט שוין זיין חלק גע־עסען.

״ווען די מאסקיטאָ אינדיאַנער קלייבען זיך אויס א ״טאָטעם״ (א חיה אלס צייכען פון שבט) געהען זיי אוועק אויף א שטילען ארט און ברענגען א קרבן.

״מיט דער חיה אָדער פויגעל, וועלכע ערשיינט דארויף אָדער אין חלום, אָדער אין ווירקליכקייט, ווערט ״כרת ברית״ געווען. ד. ה. א קאָנטראַקט ווערט געמאכט פאר׳ן גאנצען לעבען דורך בלוט־ציהען פון פערשיעדענע טהיילען פון קערפער״.

״דאָס בלוט, געמיינט צו קומען פון דער אויסגעקליבענער חיה, ווערט אזוי פערבונדען מיט זייערען, אז דער טוידט פון איינעם מיינט דער טוידט פון צווייטען.

״אנדערע מאכען קליינע געצקעס פון זאמען. דיזער זאמען ווערט אויסגעמישט מיט בלוט פון קינדער וועלכע מען האָט מקריב געווען, דאן ווערען די געצקעס אויפגעגעסען.

״דיזע קאַניבאַלען, עסענדיג בלוט מיט זייער גאָט, גלויבען צו ווערען דאדורך איינס מיט איהם״.

אין צווייטען באנד זאָגט ספענסער: ״בלוט־פערוואנדשאפט ווערט פארמירט אין דרום־אפריקא דאדורך וואס איינער טרינקט דעם צווייטענס בלוט. עפעס עהנליכעס געפינט מען איבער דער

גאנצער וועלט און עס איז געברויכט געוואָרען ביי אונזערע אור־אור־עלטערן.

"דאָס ווערט אָנגענומען צו זיין אַ סימבאָלישער מנהג, שטור־דירענדיג אָבער פּרימיטיווע אידעען און געפינענדיג אַז פּרימיטיווע מענשען האָבען געגלויבט אַז די נאַטור פון אַלעם געפינט זיך אין יעדען חלק פון דער זאַך, און דער ווילדער האָט דערפאַר געגלויבט אַז עסענדיג דאָס האַרץ פון זיין מוטיגען שונא, האָט ער אויך גע־קראָגען זיין קוראַזש, אָדער צורייבענדיג די ביינער פון זיינעם אַ פּרוּמען קרוב, און ניי, די צוריבענע ביינער, מיט וואַסער ארונטער־שלינגען, האָט ער איבערגענומען אַלע גוטע מדות פון טוידטען קרוב. זעהען מיר אַז איינזויגענדיג איינער דעם צווייטענס בלוט, גלויבען זיי דאדורך צווישען זיך פעסטצושטעלען אַ געמיינשאַפט־ליכע נאַטור".

"דאָס זעלבע איז מיט בייטען נעמען.

"צו גיבען זיין נאָמען צו אַ פריינד איז דער גרעסטער כבוד וואָס איין ווילדער קען געבען דעם צווייטען. (ווען גאָט בייט אָבער אברם'ס נאָמען פון אברם צו אברהם און פון שרי צו שרה, גיט ער יעדען פון זיי אַ "ה", אַ חלק פון זיין אייגענעם נאָמען. ל. ר.).

אַלזאָ, ספּענסער בעווייזט מיט אַ מאַסע פאַקטען אַז ווען צוויי ווילדע מענשען זיינען כרת־ברית איינער מיט'ן צווייטען געשעהט עס אין פערבינדונג מיט אַ בלוטיגער צערעמאָניע.

און ווען גאָט איז כרת־ברית מיט אברהם'ן געהט עס אויך צו מיט אַ בלוטיגער צערעמאָניע.

גאָט מאַכט אָבער מיט אברהם'ן צוויי קאָנטראַקטען אוןביידע זיינען בעגלייט מיט בלוטיגע צערעמאָניעס.

איינע פון זיי איז ברית מילה.

און ווען דער איד זאָגט "להכניסו בבריתו של אברהם אבינו" און שניידט דערביי אַ שטיק פלייש פון זיין קינד, געהט דאָס קליינע אידעלע איין אַ קאָנטראַקט מיט דעם בעשעפער פון אַלע וועלטען און נאַטירליך געהט עס צו מיט אַ בלוטיגער צערעמאָניע.

.29

# וואָס איז די בעדייטונג פון "כרת-ברית?"

ניט גלויבענס ווערטה
ז'דער וואָס שווערט.

ל. ר.

גאָט איז מיט אברהם'ן צוויי מאָל "כרת ברית". צוויי קאָנט־ראַקטען שליעסט ער מיט איהם.

דער ערשטער קאָנטראַקט ווערט געמאַכט אונטער אומשטענ־דען און מיט אַ צערעמאָניע אַזוי פּרימיטיוו און אַזוי בלוטיג, ווי ספּענסער בעווייזט, אַז נור צווישען ווילדע איז עס מעגליך.

דער צווייטער קאָנטראַקט איז אויך פּרימיטיוו און בלוטיג, און ווערט אויך, ווי ספּענסער בעווייזט, פּראַקטיצירט צווישען ווילדע איבער דער גאַנצער וועלט. דער חילוק איז אָבער דיזער, דער ערשטער קאָנטראַקט איז געווען בינדענד בלויז אויף אברהם'ן, דער צווייטער אָבער, מיט זיין גאַנצען בלוטיגען כאַראַקטער, איז איבערגעגאַנגען צו אברהם'ס קינדער.

אַ בלוטיגער קאָנטראַקט, איינגעגאַנגען צווישען אַ דעספּאָטי־שען גאָט מיט אַן אונוויסענדען אַלטען אַראַבער פיער טויזענד יאהר צוריק אין פינסטערען אַזיען, ווערט געהאַלטען פאַר הייליג פון צי־וויליזירטע מענשען אין דער ציוויליזירטער וועלט פון צוואַנציגסטען יאהרהונדערט.

אָט איז די בלוטיגע צערעמאָניע אונטער וועלכער דער ער־שטער קאָנטראַקט איז געשלאָסען געוואָרען.

אין בראשית ט"ו ווערט דערצעהלט:

"גאָט פיהרט אברהם'ן ארויס אויף דער גאַס און הייסט איהם קוקען צום הימעל און זעהען צי ער קען צעהלען די שטערן, און גאָט זאָגט אַזוי וועלען זיין דיינע קינדער. אברהם האָט געגלויבט, עפּעס וואָס איז גאָט זעהר געפעלען. און גאָט האָט געזאָגט, איך בין גאָט וועלכער האָט דיך אַרויסגעפיהרט פון דער שטאָדט אור אין כאַלדעען כדי דיר צו געבען דיזעס לאַנד צום ירש'ענען.

"האָט אברהם געזאָגט, הערר־גאָט, ווי אַזוי וויים איך אַז איך וועל עס ירש'ענען? (הייסט דאָס גלויבען?) ענטפערט גאָט (זאָל

דער לעזער בעמערקען וואס אברהם פרעגט און וואס גאט ענט־פערט) ברענגט מיר א דריי־יעהריג קאלב, א דריי־יעהריגע ציעג, א דריי־יעהריגען באראן, א טורטעלטויב און א יונגע טויב. ער האט פאר איהם דאס אלעס גענומען, זיי אין מיטען דורכגעשניטען (לע־בעדיג) און געלעגט איין העלפט געגען דער צווייטער. דעם פויגעל האט ער ניט צושניטען. און רויבפויגלען זיינען אראב אויף די שטיקער פלייש און אברהם האט זיי פערטריבען.

"ווען די זון האט געהאלטען ביים אונטערגעהען איז א טיעפער שלאף געפאלען אויף אברהם'ן און א שרעק און א גרויס פינ־סטערניס.

דאן זאגט גאט צו אז די אידען וועלען זיין קנעכט א. ז. וו. און דורך די שטיקער פלייש איז דורכגעצויגען א רייכענדער אויווען און א פייערפלאם (דאס איז א שלום מיט פייערווערק) און דאן ווערט געזאגט "ביום ההוא כרת יהוה את אברם ברית".

דאס איז ניט דער איינציגער סארט קאנטראקט.

אין ירמיה ל"ד ווערט געזאגט:

"ונתתי את — — — — הברית אשר כרתי לפני העגל אשר כרתו לשנים ויעברו בין בתריו", ד. ה. דעם בונד וואס זיי האבען געשלאסען פאר מיין אנגעזיכט ווען זיי האבען א קאלב אין צוויי שטיק צושניטען און זיינען צווישען צוויי שטיק דורכגעגאנגען.

דער אויסדרוק "כרת ברית" מיינט ווערטערליך "שניידען א קאנטראקט" ווייל די אלטע מעטהאדע פון "כרת ברית צו זיין, איז געווען אז איינער האט דעם צווייטען די האנד איינגעשניטען און דאס בלוט געזויגען.

און וואס איז ברית מילה?

"מל זיין" איז שניידען און "מציצה" — — — איז א כבוד.

אז דאס איז ניט אידיש, אז דיזע גאנצע בלוטיגע צערעמאניע איז א געצענדיענערישע, בעווייזט דער פאקט אז דער גאט פון שכם האט געהייסען "בעל ברית". אין שופטים ח' ווערט געזאגט: "וישימו להם בעל־ברית לאלהים", וועלבעס מיינט אז די אידען האבען פערגעסען אין יהוה און זיך גענומען פאר א גאט דעם בעל־ברית.

און איז אברהם ניט געווען א געצענדיענער?

די תורה אליין בעוויזט עס.

ס'איז א פאקט אז ווען מענשען האבען זיך שוין אנגעהויבען שעהמען מיט דער בלוטיגער צערעמאניע פון "כרת־ברית, האט מען איינגעפיהרט עסען און טרינקען צוזאמען אלס א מין שליעסען פון א ברודער־בונד (דערפון אפשר שטאמען אונזערע באנקעטען) און בשעת דעם עסען פלעגט אנוועזענד זיין א סימבאל פון דער געטליכקייט אין דער פארמע פון זיעבען בהמות, זיעבען שטיינער אדער זיעבען ברונען, וועלכע האבען בעצייכענט די זיעבען שטערן־געטער אדער די זיעבען פלאנעטען.

און דיזער געצענדיענערישער מנהג איז אברהם'ן אויך ניט פרעמד.

אין בראשית כ"א ווערט דערצעהלט ווי אברהם שליעסט פריינדשאפט מיט אבימלך און דארט ווערט געזאגט "ויקח אברהם צאן ובקר ויתן לאבימלך ויכרתו שניהם ברית: ויצב אברהם את שבע כבשת הצאן לבדהן", וועלכעס מיינט: און אברהם האט גע־געבען צו אבימלך שאף און רינדער און זיי האבען געשניטען א בונד, און אברהם האט אוועקגעשטעלט בעזונדער זיעבען לעמער. ווער זיינען דיזע זיעבען לעמער? ס'איז די נייערע פארמע פון "כרת ברית,' זיין. ס'איז דא ווערטה צו בעמערקען אז דאס ווארט "נשבע" שווערען, האט דעם שורש "שבע" זיעבען און מיינט "צו זיין געבונדען ביי די הייליגע זיעבען'.

אן אינטערעסאנטע מיינונג איבער דער טהעאריע פון "כרת־ברית" גיט דאקטאר זשעוואנס אין זיין בוך די "גאט אידעע". קאפיטעל דריי.

אט וואס ער זאגט:

"דער גייסט פון שטורם־ווינד", ווערט דערצעהלט אין היי־ליגען בוך, "האט גענומען די יאפאנעזער צו זיין זיין פאלק און דאס פאלק פון יאפאן האט גענומען דעם שטורם־גייסט צו זיין זיין גאט.

און לויט דעם בונד וואס איז געשלאסען געווארען האבען די גייסטער זיך אונטערגענומען צו זיין די געטער פון די ווינדען און צו בענשען און רייף צו מאכען די תבואה און דאס פאלק פון זיין

זייט האָט זיך אונטערגענומען צו בויען א טעמפּעל צו זייער נייעם גאָט — — — — — — — — — — .

"די נעטעער אליין האָבען בעשטימט די קאָנדיציאָנען לויט וועלכע זיי האָבען געוואָלט נעמען די יאפּאנעזער פאר זייער פאָלק, פונקט ווי אין שמות,זעקסטען קאפּיטעל, איז עס געווען יהוה אליין, וועלכער האָט דיקטירט צו משה'ן די בעדינגונגען פון בונד וועלכען ער האָט געוואָלט מאכען מיט די אידען.

"ולקחתי אתכם לי לעם והיית, לכם לאלהים", וועלכעס מיינט אין וועל איך נעהמען פאר א פאָלק און וועל צו איך זיין א גאָט.

"אין יאפּאן האָבען די געטער כרת־ברית געווען מיט'ן קעניג, ווייל ער איז געווען דער כהן גדול — — — — — — — — — — —

— — "די געשיכטע פון אָורשפּרונג און מיינונג פון קרבנות האָט א פערוואנדשאפט מיט דער מתנה־טהעאָריע פון קרבנות.

"סיי אין דער מתנה־טהעאָריע, סיי אין דער כרת־ברית־טהעאָריע, זיינען די בעדינגונגען פון מסחר "אזוי פיעל ברכה פאר אזוי פיעל דיענסט". אָדער אזוי פיעל קרבנות פאר אזוי פיעל ברכות.

דער שטאנדפּונקט איז א קאָמערציעלער.

די פערבינדונגען זיינען געזעצליך.

אויב די בעדינגונגען ווערען שטרענג געהאלטען פון איין צד, זיינען זיי דאן שטרענג בינדענד פון צווייטען צד אויך".

דער אמת'ער גרונד פון "כרת־ברית" שיינט צו זיין פאָלגענדער :—

דער מענש אין זיין קינדישען צושטאנד, האָט זיך געפיהלט שוואך און הילפלאָז, ער האָט געזעהן אין דער נאטור ארום איהם ווי דער שטארקערער רעגיערט אָדער פערניכטעט דעם שוואכערען.

ער האָט זיך געשראָקען ניט נור פאר דער רויהער נאטור, נור אויך פאר זיינע מיטמענשען, און ניט נור פאר זיינע לעבעדיגע מיטמענשען, נור אויך פאר זיינע טוידטע מיטמענשען, פאר זיינע טוידטע מיטמענשען נאָך מעהר ווי פאר זיינע לעבעדיגע. פאר די לעצטע האָט ער זיך אמאָל געקענט אויסהיטען, פאר די ערשטע ניט. און אין זיין שרעק און הילפלאָזיגקייט האָט ער זיך געווענדעט צום שטארקערען פון זיך און געבעטען רחמנות. יענער האָט געשענקט רחמנות, אָבער ניט אומזיסט. דיזער האָט געמוזט עפּעס צוזאָגען אלס א בעלוינונג פאר'ן געשענקטען רחמנות, און צו־

זאגענדיג איינער דעם צווייטען, האבען זיי עס געטהאן אונטער א געוויסער צערעמאניע, אמאל א בלוטיגע, אמאל א שמוציגע, אמאל א לעכערליכע, אבער תמיד בעגלייט פון א צערעמאניע.

דעמזעלבען אבמאך פלעגט דער שוואכער מענש איינגעהען מיט זיינע טוידטע מיטמענשען, און אויך מיט זיי פלעגט דער פריינדשאפטס־בונד געפייערט ווערען אונטער א בלוטינער צע־רעמאניע.

שפעטער ווען דער מענש האט אנגעהויבען צו פערגעטערען זיינע טוידטע מיטמענשען, זיינע עלטערן, זיינע העלדען א. ז. וו., פלעגט ער פון צייט צו צייט שליעסען א פריינדשאפטס־בונד מיט דיזע פערגעטערטע טוידטע און אין לויף פון די יאהרען ווען מענשען האבען פון די פערגעטערטע טוידטע געמאכטע געטער, האט זייער אורשפרונג זיך פערגעסען און זיי זיינען בעטראכט געווארען אלס געטער, דאן זיינען שוין די בונדען געמאכט געווארען מיט די געטער.

דער ״כרת־ברית״ פון ברית מילה איז אזא בונד.

30

## איז דער קאנטראקט פון ברית מילה בינדענד?

ערפאהרונג איז אהן צווייפעל דאס ערשטע פראדוקט וואס אונזער שכל ברענגט ארויס.

ע ס. ק א נ ט

קריטיק דער ריינען פערנונפט.

**דאקטאר זשעוואנעס האט רעכט**, ווען ער זאגט אז דער עצם פון כרת־ברית זיין איז א צוזאג פוןביידע זייטען. ״אזוי פיעל קרבנות פאר אזוי פיעל ברכות״, אויב ניט וואס פאר א קאנטראקט איז דאס? ווען בלויז איין צד זאגט צו איז עס ניט קיין קאנ־טראקט. יעדענפאלס ניט בינדענד אויף דעם צד וואס זאגט צו.

ווען ביידע צדדים אין א קאנטראקט זאגען זיך געגענזייטיג צו אירגענד וועלכע זאך אדער טהאט, איז דער צווייטער צד פער־פליכטעט צו טהאן אדער געבען וואס ער האט צוגעזאגט, נור ווען דער ערשטער צד האט געטהאן אדער געגעבען וואס ער האט פער־

שפראכען, קוים ניט, איז דער צווייטער צד פריי פון קאנטראקט. און דער ערשטער צד קען צו איהם קיין טענות ניט האבען.

גאט און אברהם געהען איין אין א קאנטראקט. דיזער קאנ־טראקט איז בעקאנט אלס ברית מילה.

יעדער צד זאגט עפעס צו, און יעדער צד מוז זיין צוזאג האלטען, אויב עס זאל זיין בינדענד אויפ'ן צווייטען צד אויך.

דער ערשטער צד איז גאט!

וואס זאגט ער צו?

אט איז א טהייל פון צוזאג פון ערשטען צד:

"און איך וועל דיר געבען און דיינע קינדער נאך דיר דאס לאנד אין וועלכען דו האלטסט דיך אויף, דאס גאנצע לאנד כנען, צו אייביגער בעזיצונג".

פאר דיזען צוזאג פערלאנגט גאט אז דער צווייטער צד זאל "המול לכם כל זכר: ד. ה. מל זיין".

האט דער ערשטער צד געהאלטען זיין צוזאג?

זאל דער איד וואס איז מל זיין קינד ענטפערן!

האט גאט געהאלטען זיין צוזאג? וואס צייגט די ערפאהרונג?

ווער, א חוץ א בלינדער פאנאטיקער, קען אין ליכט פון אי־דענס פערגאנגענהייט זאגען אז גאט האט זיין צוזאג צו די אידען געהאלטען?

און אז דער ערשטער צד האט זיין פערשפרעכען ניט גע־האלטען, פארוואס זאל עס דער צווייטער צד טהאן?

האט גאט געבראכען זיין ווארט?

וועלכעס איז גלייכער און שעהנער פאר'ן אידען, צי גלויבען אז גאט האט זיין פערשפרעכען ניט געהאלטען, וועלכעס מיינט אז גאט איז א ליגנער, אדער צו גלויבען אז די גאנצע געשיכטע איז א בלוטיגע איבערבלייבעכטס פון יענע פינסטערע צייטען, ווען יעדער נארישער אראבער האט געגלויבט צו שטעהן אין דירעק־טער פערבינדונג מיט דעם בעשעפער פון די וועלטען? וועלכעס?

דער איד וואס גלויבט, גלויבט דאך אז גאט האט צוגעזאגט, גלויבט ער אויך אז גאט האט זיין צוזאג ניט געהאלטען?

און ער קען דאך ניט אנדערש, ווייל די גאנצע וועלט זעהט דאך אז דער ערשטער צד האט זיין צוזאג ניט געהאלטען, היינט,

פארוואס זאל דער צווייטער צד האלטען זיין טהייל פון בלוטיגען קאנטראקט?

און דיזער צווייטער צד איז עס דער חכם ונבון? און פארשטעהט ניט אז זיין קאנטראקט מיט גאט איז ניט בינדענד?

.31

## וואס איז דער אמת׳ער גרונט פון ברית מילה?

די מורא פאר די לעבעדיגע איז דער שורש פון פאליטישער הערשאפט. די מורא פאר די טוידטע איז דער שורש פון רעליגיעזער הערשאפט.

ס פ ע נ ס ע ר.

אז ענטפער צו דיזער פראגע, וועלכער שיינט צו זיין דער ריכטיגסטער, גיט הערבערט ספענסער.

מיר וועלען זיך איבערגעבען, קורץ, א קליינעם טייל פון זיין ענטפער.

ערשט אבער וועלען מיר איבערגעבען זיין געדאנק כדי לייכטער צו פערשטעהן זיינע שליעסע.

׳עס איז געוועזען א צייט אין דער מענשליכער געשיכטע, ווען מען האט א מלחמה־געפאנגענעם פערקריפעלט אויף אן אבר אלס צייכען פון אונטערטעניגקייט.

אמאל האט מען איהם אבגעשניטען ביידע הענד, אמאל איין האנד, אמאל א פינגער אבגעשניטען, אז אויג אויסגעשלאגען, א צאהן אויסגעהאקט, אמאל די האאר פון קאפ אויסגעריסען צוזאמען מיט דער הויט פון שייטעל, אמאל אבגעשניטען א שטיק נאז, אמאל דורכגעלעכערט די נאז א. ז. וו. דיזע אבגעשניטענע שטיקער פלעגען דיענען אלס אנדענקעי און בעוויז פון דער העלדישקייט פון זיעגער. וואס מעהר אזעלכע שטיקער נאז, אויערען, שייטלען, פינגער א. ז. וו. איינער האט געהאט, פאר אלץ א גרעסערען העלד איז ער אנערקענט געווארען.

מיט דער צייט ווען מען האָט שוין געקענט האָבען אַן עקאָנאָמישען נוצען פון געפאַנגענעם, האָט מען איהם מעהר ניט געוואָלט פערקריפּלען, כדי זיין דיענסט־ווערטה ניט צו פערקלענערען. פערקריפּלען אָבער איז געווען אַ מנהג. פלעגט מען דעם געפאַנגענעם פאַרשטימלען אויף אַזאַ אופן, אַז עס זאָל איהם ניט מאַכען ארבייטס־אונפעהיג.

די בעשניידונג איז אַזאַ פערשטימלונג.

ברית מילה שטאַמט פון דיזען ווילדען מנהג.

ניט נור האָט מען די געפאַנגענע פערשטימעלט, נור אויך זייערע קינדער, ווייל אויך זיי זיינען געווען שקלאַווען, און אויך זיי האָבען געמוזט טראָגען אויף זיך דעם צייכען פון אונטערטעניגקייט.

די אָבגעשניטענע ערלות פלעגט מען אוועקלעגען פאַר'ן קעניג'ס פיס אַלס אַ צייכען פון עהרפורכט.

ווען דער קעניג איז געשטאָרבען איז ער פון די ווילדע פאַרגעטערט געוואָרען און די אָבגעשניטענע ערלות האָבען אָנגענומען די פאָרמע פון קרבנות אויפ'ן קבר פון טוידטען קעניג אָדער גאָט.

און אַזוי האָט אַ פּאָליטישע צערעמאָניע זיך פערוואַנדעלט אין אַ רעליגיעזער.

מל זיין, אַלזאָ איז דער צייכען פון אונטערטעניגקייט.

אַז אַ פאָלק זאָל פון אַ צייכען פון אונטערטעניגקייט מאַכען אַ נאַציאָנאַלען און רעליגיעזען צייכען און זיך מיט איהם האַלטען ביז אין דער מאָדערנער צייט אריין, אַזוי אַז אפילו אַ רעוואָלוציאָן זאָל איהם ניט קענען אָבשאַפען, זיינען די כינעזער אַ לעבעדיגער בעווייז.

אין זיין געשיכטע פון כינאַ, אַכטען קאַפּיטעל, זאָגט ד. ק. באולגער פאָלגענדעס: *)

"ווען די מאַנטשוס (טאַרטאַרען) זיינען אריין. אין שטאָדט אריין איז פאָרגעקומען אַ שרעקליכע שלאַכט, דאָס מיליטער איז אויסגע'הרג'עט געוואָרען, דער קעניג האָט בעגאַנגען זעלבסטמאָרד

---

*) זעה די געשיכטע פון כינאַ פון ד. טש. באולגער, צווייטען באַנד.

קינד ? ענטפערט ער "ס'איז פאַר געזונדהייטס צוועקען !"

און אלע וואס האבן געוואלט רעטען זייערע לעבענס האבן גע־מוזט זיך אבגאלען זייערע קעפּ אלס צייכען פון אונטערטעניגקייט.

"דאס איז די ערשטע היסטארישע ערוועהנונג צו א מנהג וואס איז יעצט פארשפּעט איבער גאנץ כינא און איז געווארען א נא־ציאנאלע טראכט.

דער צייכען פון אונטערטעניגקייט איז געווארען א צייכען פון נאציאנאלען שטאלץ'".

אלזא דער לאנגער צאפּפען אויפ'ן קאפּ וואס דער כינעזער האלט אזוי טהייער און הייליג, איז ניט מעהר ווי א צייכען פון שקלאווערייי פון די טארטארען.

און פארוואס האלט דער מאדערנער כינעזער זיך מיט דיזען שענדליכען צייכען?

ד. ק. באולגער ענטפערט: "ווייל דער כינעזער ווייסט ניט פון וואנעט דער מנהג שטאמט.

ברית מילה, פונקט ווי דער כינעזישער צאפּפען, איז א שענד־ליכער צייכען פון אונטערטעניגקייט.

דער מאדערנער איד אבער האלט זיך דער מיט, פארוואס? ווייל, פונקט ווי דער כינעזער, ווייסט ער ניט פון וואנעט דיזער בלוטיגער מנהג שטאמט.

וועגען אן עהנליכען מנהג בייווילדע שבטים זאגט ספּענסער: "אין אלטען פערואוויא האט דער זיגער 'הואיינע קאפּאק' כדי צו האלטען די בעזיעגטע געהארכזאם, איינגעפיהרט א געזעץ אז די בעזיעגטע און זייערע קינדער זאל מען אויסרייסען דריי ציינער פון די אויבערסטע יאסלעס און דריי פון די אונטערסטע אין פאל פון אונגעהארכזאמקייט. מיט דער צייט איז דערפון געווארען א טראַ־דיציע אז די טאטעס פלעגען אויסרייסען ציינער ביי זייערע קינדער גלויבענדיג אז די געטער פערלאנגען אזוי.

און ספּענסער זעצט צו: "און פונקט ווי עס געשעהט מיט אנדערע פערשטימלונגען פון קערפּער, די מיינונג דערפון ווערט פערגעסען, און שפּעטער ווען מען האט געפרעגט פארוואס אויס־האקען די ציינער ביי קינדער, האט מען געענטפערט 'סאיז כדי צו פערשעהנערען זייער אויסזעהען".

און ספּענסער וואלט נאך געמעגט צוזעצען אז דער היפּאקרי־טישער איד פון היינט, פונקט ווי דער אינדיאנער פון פערואוויא,

ווען מען פרעגט איהם ״פארוואס שניידען א שטיק פלייש פון א קינד?״ ענטפערט ער ״ס׳איז פאר געזונדהייטס צוועקען!״

אויף אן אנדער פלאץ, אויפצייגענדיג די גרויזאמע, בלוטיגע פערשטימלונג פון אברים ביי געפאנגענע, ווי צ. ב. קאסטרירען (סרים) א. ז. וו., זאגט ספענסער:

״אז קאסטרירען די געפאנגענע איז געווען איינגעפיהרט אלס אן אנדענקען פון דער מלחמה, געפין איך ניט קיין דירעקטע בעווייזע, אבער צו עפעס עהנליכעס איז יא פאראן דירעקטע בעווייזע. די פערזיער פלעגען קאסטרירען דעם געשלאגענעם שונא.

״ביי דעם יעהרליכען יום־טוב פון דער פריגישער געטין ,אממא׳ פלעגען יונגע מענער זיך מאכען פאר סריסים מיט א שארפע שיסעלע פון אן אויסטער אויסשרייענדיג דערביי ״נעם דאס אממא!״

״דיזער בלוטיגער מנהג איז געווען פערשפרייט צווישען די כנענים און ביי די אלטע פריסטער פון מעקסיקא.

״זייענדיג א צייכען פון אונטערטעניגקייט, איז דער געברויך פון דיזען מנהג פערבליבען, כאטש פונקט ווי ביי אנדערע צערעמאניעס, האט דער זין דערפון זיך פערגעסען.

,׳נאטירליך, צווישען דיזע סארט פערקריפלונגען, איז די וועניגער געפעהרליכע, די מיינסט פערשפרייטע.

און דערפאר טרעפט מען דעם מנהג פון מל זיין צווישען אנפערבינדעטע פעלקער אין אלע טיילען פון דער וועלט.

״מען טרעפט עס צווישען פאלינעזער אין טאהטי, אין טאנגא, אין מאדאגאסקאר, ביי די נעגער אין ניי־קאלאדאניען און פיזשי, ביי אפריקאנער פעלקער, ביי די ברעגעס אין אינלאנד, פון צפון אביסיניען ביז דרום פון קאפירלאנד. אין אמעריקא צווישען מעקסיקאנער פעלקער, די יוקאטאנעזען און די פעלקער פון סאן סאלוואדאר, און אויך אין אויסטראליען.

״אבגעזעהען דערפון וואס זייערע מאנומענטען צייגען אז די מצרים האבען געהאט דעם מנהג פון מל זיין פון גאנץ אלטע צייטען, און אפילו אבגעזעהען פון די בעווייזע וואס איז פאראן אז דער מנהג איז געווען פערשפרייט צווישען אלע אראבער, זייגען די בעווייזע, אז מל זיין איז ניט בעגרענצט צו איין געגענד און צו איין ראסע, גענוג צו צייגען אז דער טהעאלאגישער ענטפער איז קיין ענטפער ניט. (ספענסער מיינט דערמיט אז דאס וואס די

תורח דערצעהלט ווי אזוי מל זיין איז ענטשטאנדען איז ניט ריכטיג. ל. ר.).

"עס ציינט אויך אז אן אנדערער ענטפער, וועלכען מען ניט געוועהנליך, איז אויך קיין ענטפער ניט. די פאקטען צייגען אז וועהרענד דער מנהג פון מל זיין איז ניט צו געפינען ביי די גאנץ ריינע ראסען פון דער וועלט, געפינט מען עס שטארק פערשפרייט צווישען די מיינסטע אונריינע ראסען.

אין געגענטייל, אלע פאקטען צייגען אז מל זיין איז א צייכען פון אן אונטערטעניגקייט פאר'ן בעזיעגטען.

"פאקטען צייגען אז אין אביסיניען נעהמט דער זיעגער די ערלה פון בעזיעגטען אלס אנדענקען פון דער מלחמה, און יעדער קריעגער, ברענגט אלס מתנה, די אבגעשניטענע שטיקער פון שונא'ס טוידטען קערפער, צום קעניג.

,'ווען די בעזיעגטע, אנשטאט דער'הרג'ט צו ווערען, ווערען שקלאווען, און אויב די קריעגער וועלכע האבען זיי בעזיעגט נעה־מען נאך אלץ די ערלות אלס צייכען אדער אנדענקען פון זייער העלדישקייט, דאן מוז ענטשטעהען דאס מל זיין פון לעבעדיגע געפאנגענע, וועלכע ווערען דערמיט בעצייכענט אלס אונטערטע־ניגע.

"אזוי ווי דער פיהרער און קעניג ווערען איבערגעבעטען דער־מיט וואס מען ברענגט זיי די ערלות פון זייערע שונאים, און אזוי ווי דער פרימיטיווער גלויבען איז, אז דער גייסט פון א טוידטען מענש, וויל דאס וואס דער לעבעדיגער האט געוואלט, מוז דערפון פאלגען דער מנהג פון געבען די ערלות צום גייסט פון פערשטאר־בענעם קעניג.

"און דאן, איז א הויף־מיליטערישער געזעלשאפט, וועלכע ווערט רעגיערט פון א דעספאט וואס שטאמט פון גאט'ס משפחה, וועלכער פערלאנגט אז אלע זיינע אונטערטאנען זאלען טראגען דעם צייכען פון אונטערטעניגקייט, און וועמעס גייסט, ווען ער שטארבט, ווערט אויס שרעק אנגעבעטען, מעגען מיר דאן ער־ווארטען אז פון דעם מנהג פון געבען דעם קעניג די ערלות פון פערשקלאפטע שונאים, וועט זיך ענטוויקלען דער מנהג פון מקרים צו זיין גאט (טוידטער הערשער. ל. ר.) די ערלות פון די מענ־

ליכע בירגער פון יעדען דור אלס צייכען פון זייער פערשקלאפקייט צו איהם.

"דערפאר, ווייל מיר ווייסען אז ביי די כנענים איז מל זיין געווען א צייכען פון געהייליגט זיין צום גאט סאטורן און ווען ס'זיינען פאראן בעווייזע אז גאר אין אלטע צייטען האט מען אין סאן־סאלוואטאר, זיך מל געווען אויף דעם זעלביגען אופן ווי ביי די אידען, און דאס בלוט האט מען מקריב געווען צו א געץ, זעהען מיר דארינען א רעזולטאט, וועלכען מען האט געקענט ערווארטען זאל מיט דער צייט אויפקומען (ער מיינט מל זיין אלס רעליגיעזער געבאט. ל. ר.).

"אז דאס איז עהנליך צום מנהג וועלכען מיר געפינען אין דער תורה, איז קלאר.

'די אלטע העברעער, ווי די מאדערנע אביסיניער, האבען געהאט א מנהג פון פערשטימלונג דעם קערפער פון טוידטע שונאים, און אין יידע פעלע, ווען דער בעזיעגטער שונא, וועלכען מען האט ניט גע'הרג'עט, דורך מל זיין בעצייכענט ווערען אלס אונטערטעניג.

"אז מל זיין איז צווישען די העברעער געווען א צייכען פון אונטערטעניגקייט, איז בעוויזען מיט עדות.

"וויסענדיג אז צווישען די עקזיסטירענדע בעדואינען (האלב־ווילדע אראבער) איז דער איינציגער בעגריף פון גאט ווי פון א מעכ־טיגען, לעבעדיגען הערשער, ווערט דאס כרת־ברית זיין צווישען גאט און אברהם'ן דורך ברית מילה פערשטענדליך. דער פאקט ווערט פערשטענדליך, אז ווייל אברהם וועט ערהאלטען א טער־ריטאריע, וועט די פערשטימלונג, ד. ה. דאס מל זיין בעצייכענען אז דער הארר וועט צו איהם זיין א גאט, און אז דיזער צייכען זאל געטראגען ווערען ניט בלויז פון איהם און זיינע קינדער, נור אויך פון זיינע שקלאווען.

"און גערענקענדיג דאס פרימיטיווע פעלקער גלויבען, אז דער גייסט פון טוידטען הערשער איז דאס זעלבע ווי דער לעבעדיגער הערשער, פערשטעהען מיר אויך די זאנדערבארע טראדיציאן פון גאט'ס כעס פון וועלען הרג,ענען משה'ן פאר ניט מל זיין זוהן אין דער מדבר.

(ספענסער מיינט אז אברהם האט געהאט צו טהאן מיט אן אראבישען פאטענטאט, ביים לעבען, און משה, מיט דעם גייסט פון יענעם טוידטען, שפעטער פערגעטערטען פאטענטאט. ל. ר.).

ברענגענדיג נאך א מאסע בעווייזע, זאגט ער ווייטער:

"די בעווייזע אז די פערשטימלונג פון לעבעדיגע איז א פאלגע פון מנהג פון נעהמען א צייכען אדער אנדענקען פון טוידטע, זיינען פיעל און פערשיעדען. נעהמען אן אנדענקען אדער צייכען, הייסט פיהרען דעם זיעג ביז צום טוידט, און דער מנהג אבצושניידען א שטיק פון געפאנגענעם איז כדי איהם צו מאכען אונטערטעניג.

"מיט דער צייט בעדייטעט דאס פרייוויליגע איבערגעבען א שטיק פון זיך, אונטערטעניגקייט, און מיט דער צייט ווערט עס א רעליגיעזע צערעמאניע דורך דיזער בעדייטונג. *)

אויף אן אנדער ארט זאגט ספענסער:

"ביים ענגדע פון טאג פון מלחמה מוז יעדער פיהרער פון אביסיניען זיצען ביי דער טהיר פון זיין געצעלט, און יעדער קריע־גער וואס האט גע'הרג'ט א מענשען, ערשיינט פאר איהם אין פולער מלחמה טראכט מיט דער ערלה פון גע,הרג'עטען אין זיינע הענד — — און אויב ער האט גע'הרגט מעהר ווי איין מענש, ערשיינט ער מעהר ווי איין מאל, ווען די צערעמאניע איז פארביי, נעהמט יעדער זיין בלוטיגען "זיעג" און ציהט זיך צוריק עס צו רעכט צו מאכען אויף דעם זעלבען אופן ווי די אינדיאנער מאכען צו רעכט זייערע הויטען פון די אבגעהאקטע שייטלען, און די גאנצע ארמעע, אין א געוויסען טאג בשעת א פאראד, ווארפט די ערלות פאר'ן קעניג און זיי בלייבען ליגען ביים טויער פון פאלאסט".

"ס,איז דא בעמערקענסווערטה אז דער צייכען, די ערלה, וועלכע דיענט ערשט אלס א צייכען פון זיעג פון קריעגער, ווערט דערנאך געמאכט אלס קרבן פאר'ן הערשער און דאן ווערט עס געברויכט אלס מיטעל צו פערצייכענען די צאהל גע'הרג'עטע,'.

אז אידען האבען זיך דערמיט בענוצט צום זעלבען צוועק זיינען פאראן בעווייזע, וועלכע דער לעזער וועט געפינען אין נעכסטען קאפיטעל.

---

*) זעה ספענסער'ס דאַטאַ פון סאָציאָלאָגיע, צווייטער באַנד.

אלזא, דער גרונד פון ברית מילה מנהג איז צו זוכען אין פאקט וואס דער זיעגער אין פרימיטיווע צייטען האט זיין זיעג איינגעשני־טען אין קערפער פון בעזיעגטען.

מיט דער צייט איז פון א פאליטישען מנהג געווארען א רע־ליגיעזער דין.

## .32

# אברים פערקריפלונג לויט דער תורה.

פונקט ווי א געשאנק צום הערשער ענטוויקעלט זיך אין א פאליטישער טאקסע, אזוי ענטוויקלען זיך די מתנות צו גאט אין א הימלישער טאקסע, קרבן.

ה. ספענסער.

אין שמות כ״א ווערט געזאגט:

‚,ואם אמר יאמר העבד אהבתי את אדוני את אשתי ואת בני לא אצא חפשי״, וועלכעס מיינט:

אויב דער קנעכט וועט זאגען, איך האב ליעב מיין הארר, מיין ווייב, מיינע קינדער, איך וויל ניט ארויסגעהען פריי.

פאר דיזען ניט וועלען ארויסגעהען פריי קומט איהם לויט דער תורה פאלגענדע שטראף:

״והגישו ארניו אל האלהים והגישו אל הדלת או אל המזוזה ורצע ארניו את אזנו במרצע, ועבדו לעלם״, וועלכעס מיינט, זיין הארר זאל איהם ברענגען פאר די געטער, ער זאל איהם צופיהרען צו דער טהיר און ביי איינעם פון די זייטענשטיקלאך איהם דעם אויער מיט אן אהל דורכבויערען און ער זאל דאן דיענען אייביג.

אלזא, דעם אויער דורכלעכערען, ד. ה. פערקריפלען דעם אויער.

איז דאס די שטראף פאר ניט וועלען זיין פריי? עס קען ניט זיין, ווייל די פאסענדע, כאטש גרויזאמע שטראף, שיינט צו זיין דאס אייביגע בלייבען א שקלאף.

און וועט די תורה בעשטראפען א אידען מיט צוויי שטראפען פאר איין פערברעכען?

מיר וועלען ביי אן אנדער געלעגענהייט ציינען אז דיזער געזעץ איז שוין געוועזן אז אלטער בבל'שער געזעץ אין משה'ס צייטען. דער וואס האט עס אין דער תורה ארייננעשטעלט האט, אפשר ניט וויסענדיג, פערדרעהט די פאקטען.

אין פיעלע אלטע שטאאטען זיינען געוועזן צוויי סארטען שקלאווען. איין סארט פריוואטע און א צווייטע, שקלאווען פון שטאאט. (צ. ב. די העלאטען פון ספּארטא).

די פריוואטע שקלאווען פלעגען האבען פערשיעדענע צייכענס, פון א פערשטימעלטען אבר ביז א צייכען אויפ'ן לייב אויסגעברענט מיט א גליהענדען אייזען, פונקט ווי מען ברענט אוים צייכענס ביי שאף און רינדער. דער שטאאט פלעגט זיינע שקלאווען בע־צייכענען מיט אן אבר פערשטימלונג, אזוי אז מען זאל עס לייכט זעהען, אפילו ווען דער שקלאף איז ניט נאקעט.

דאס איינפאכסטע און דאס וועניגסטע שעדליך איז געוועזן דעם אויער דורכצולעכערען.

דעם אלטען מנהג וועלכען דער שרייבער פון פרשה משפטים האט געהאט אין זין איז וואהרשיינליך פאלגענדער:

ווען א פריוואטער שקלאף האט דורך אירגענד וועלכען אופן געקראגען זיין פרייהייט, וועלכע האט איהם פיעלע מאל ווענינ געגוצט, האט ער בעשלאסען צו ווערען א שקלאף ביים שטאאט, און כדי דאס אויסצופיהרען האט ער אליין זיך דורכגעלעכערט דעם אויער, דאס הייסט, ער האט אויף זיך אליין ארויפגעלעגט דעם שטעמפעל פון אונטערטעניגקייט, און ס׳איז לייכט מעגליך אז דיזע פערשטימלונג איז אויסגעפיהרט געווארען ביים טויער, ביים ארייננאנג פון שטאדט, און מעגליך אז ס'האט געדיענט אלס א מין פאספּארט.

יעדענפאלס, דיזער פאקט צייגט אז דיזע סארט פערשטימ־לונג פאר'ן שקלאף איז ביי די אלטע העברעער געוועזן א בעקאנ־טער מנהג.

קוים נעהמען מיר ניט אן דיזע טהעאריע, בלייבט דער פאקט פון דעם אויער דורכלעכערען, ווי די תורה גיט איהם איבער, אונ־פערשטענדליך.

דיזער בלוטיגער מנהג איז געוועזן ניט נור ביי אידען אליין.

אָט וואָס ספּענסער זאָגט וועגן דיזען ענין:

"לויט נייליכע בעריכטען פון מזרח בעווייזען, ווערען די בעזיעגטע בערויבט פון זייערע נעזער דורך די זיעגער, און ווערען ראַדורך, אויב זיי בלייבען לעבען, דערקענט אַלס די בעזיעגטע.

"אַ חוץ דער נאָז, פערלירט דער בעזיעגטער אויך די אויערען, אויך דאָס איז אַ צייכען פון אונטערטעניגקייט.

"און כאָטש אַבגעשניטענע אויערען בעצייכענען גיכער דעם פערברעכער איידער דעם בעזיעגטען שונא וועלכער איז געבליבען לעבען נאָך דעם וואָס מען האָט ביי איהם אַרונטערגענומען דעם צייכען פאַר'ן זיעגער, מעגען מיר פאַרדעכטיגען אַז אָריגינעל איז דאָס געוועזען דער צייכען פון פערשקלאַווטען געפאַנגענעם. און מיט דער צייט איז עס געברויכט געוואָרען אַלס צייכען פון אַ שקלאַף. וואָס איז געוועזען געברויכט ביי די העברעער. און ווערט נאָך ביז היינט געברויכט אין מזרח עטוואָס מאָדיפיצירט. דאָן ברענגט ספּענסער דעם אויסצוג פון שמות כ"א, וואו עס ווערט גערעדט וועגען דעם דורכלעכערען פון אויער, און ציטירט פון אַ צווייטען שרייבער, וועלכער זאָגט: "אין מאָדערנען מזרח איז דאָס דורכלעכערען פון אויער אַ צייכען פון אַ נזיר, עס דריקט אויס דעם געדאַנק אַז מען געהערט צו אימיצען (פּונקט ווי חנה האָט שמואל'ן איבערגעגעבען צו גאָט. ל. ר.) און דאָרט וואו עס ענטשטעהט אַבסאָלוטער דעספּאָטיזם, ווערט פון די פּריוואַטע און שטאַאטס־שקלאַווען איינס, און עס ווערט אָנגענומען אַז אַלע שקלאַווען זיינען דעם קעניג'ס, און דעם אויער דורכלעכערען ווערט אַז אַלגעמיינער מנהג.

אַלע בורמעזען, אָהן אויסנאַהם, האָבען אַ מנהג זיך דורכצו־לעכערען די אויערען, און דעם טאָג פון דיזער בלוטיגער אָפּעראַציאָן מאַכען זיי אַ יום־טוב.

די גאַנדען נעהמען זייערע אויערען אין די הענד אַריין אַלס צייכען פון אונטערטעניגקייט.

"ביי מאַנכע שבטים ווערט אונטערטעניגקייט אויסגעדריקט דורך אָנטהוען אַ רינג אין דער דורכגעלעכערטער נאָז.

אין קאַפּיטעל ל"ז זאָגט ישעיה: 'יען התרגזך אלי ושאננך עלה באזני ושמתי חחי באפך ומתגי בשפתיך וכו'." וועלכעס מיינט,

ווייל דו ביזט אויף מיר אין צארן און ווייל איך האב געהערט פון דיין טראָץ, וועל איך לעגען מיין רינג אין דיין נאָז א. ז. וו. דאס זאגט גאָט דורך ישעיה צו סנחריב דעם קעניג פון אשור.

דאָ דריקט דער נביא אויס דעם געדאנק פון מאכען סנחריב'ן אונטערטעניג.

און ספענסער זעצט צו: "ווען צום אויבענגעבראכטען מיר גיבען נאך צו דעם פאקט אז די אסירישע סקולפטורען צייגען אונז ווי געפאנגענע ווערען געפיהרט מיט שטריק צוגעבונדען צו די רינגען וועלכע זיינען דורכגעלעכערט דורך זייערע נעזער, זעהען מיר ניט דארינגען א צייכען פון אונטערטעניגקייט?"

ביים פרימיטיווען מענשען איז קיין חילוק ניט פאראן, זאגט ספענסער, צווישען שקלאף און פערברעכער, און ער בעהאנדעלט זיי ביידע גלייך. אין מאנכע געגענדען פלעגט מען זייערע קערפער אויפהענגען טוידטערהייט, און מאנכעמאל שטיקער פון קערפער.

דיזער מנהג פון פערשטומלען טוידטע קערפער טרעפט מען ביי די אידען אויך.

אין שמואל ב', קאפיטעל ד', ווערט דערצעהלט ווי צוויי קאפיטאנען, בענה און רכב האבען גע'הרג'עט שאול'ס אינגסטען זוהן איש־בשת און געמיינט אז דאס וועט דוד'ן געפעלען. דוד אבער לאזט זיי הרג'ענען און אט ווי אזוי: "ויהרגום ויקצצו את ידיהם ואת רגליהם ויתלו על הברכה בחברון,', וועלכעס מיינט, זיי האבען זיי גע'הרג'עט און אבגעהאקט זייערע הענד און פיס און זיי אויפגעהאנגען ביים טייך אין חברון.

עפעס עהנליכעס האבען די פלשתים געטהאן מיט דעם טויד־טען קערפער פון שאול המלך.

אז די אידען האבען געהאט דעמזעלביגען מנהג ווי די אבי־סיניער ווערט בעוויזען אין שמואל י"ח.

אט וואס דארט ווערט דערצעהלט:

"ויאמר שאול כה תאמרו לדוד אין חפץ למלך במהר כי באמת ערלות פלשתים להנקם באיבו המלך", וועלכעס מיינט, אז ווען דוד האט זיך גע'שדכנ'ט צו מיכל, שאול'ס טאכטער, (אדער פער־קעהרט) האט שאול געזאגט אז קיין נדן וויל ער ניט פון דוד'ן, ער

וויל אבער אז דוד זאָל איהם ברענגען הונדערט ערלות פון הונ־דערט בעזיעגטע פלשתים.

און דוד געהט און ברענגט שאול'ן גאנצע צוויי הונדערט ערלות, און קריגט מיכל פאַר א פרוי.

אידען זיינען ניט געווען דאס איינציגע פאָלק וואס זיינען געווען בעקאַנט מיט כרת־ברית דורך א שוידערליך בלוטיגער צע־רעמאָניע פון פערשטימעלטע אברים.

אַט וואָס עס ווערט דערצעהלט אין שמואל א' י"א:

"ויעל נחש העמוני ויחן על יביש גלעד ויאמרו כל אנשי יביש אל נחש כ ר ת ל נ ו ב ר י ת ונעבדך, וועלכעס מיינט, אַז ווען נחש האָט בעלאַגערט די אידען פון יבש, און קיין הילף האָבען די אידען פון קיינעם ניט געקענט ערוואַרטען, האָבען זיי איהם געשיקט זאָגען אַז ער זאָל מיט זיי כרת־ברית זיין וועלען זיי איהם דיענען, דאָס הייסט זיי וועלען איהם ווערען אונטער־טעניג.

נחש דער עמוני איז צופריערען איינצוגעהען מיט די אידען אין א פריינדשאַפטס־באַנד נור מיט פאָלגענדע בלוטיגע בעדינגונג:

'בזאת אכרית לכם בנקור לכם כל עין ימין", ער זאָל יעדען אויסשטעכען דאָס רעכטע אויג. דאָס איז זיין צייכען פון אונ־טערטעניגקייט. דאָס איז זיין פרייז פאַר כרית־ברית.

גאָט'ס פרייז פאַר כרית־ברית מיט אברהם'ן איז אויך בלו־טיג, נור אויף אַן אַנדערען שטייגער. נחש וויל דאָס רעכטע אויג האָבען אויסגעשטאָכען, יהוה וויל די ערלה אָבגעשניטען האָבען. ביידע גרויזאַם, ביידע בלוטיג, ביידע האָבען איין צוועק, אונטער־טעניגקייט.

33.

# דאָקטאָר פרייזער איבער אבר פערשטימלונג.

די שטעלונג פון בעזיעגטען, ווי געברויכט פון שקלאף פאר זיין מייסטער, דעם אונטערמאן פאר זיין הערשער, ווערט אויך די שטעלונג פון גלויביגען צו זיין גאָט.

ספענסער.

אין זיין גרויסען ווערק ״דער גאָלדענער צווייג״, צווייטען באנד, זאגט דאקטאר פרייזער פאלגענדעס:

״די גרויס־בייכיגע אינדיאנער, איידער זיי געהען אין דער מלחמה, מאכען גרויסע פארבערייטונגען צו געפעלען זייער גאָט.

‚זיי האבען טבילה פינף זעקס מאָל א טאג און אפט שניידען זיי זיך אב איינעם אדער צוויי פינגער און זיינען עס מקריב צום גרויסען גייסט כדי ער זאָל זיי העלפען אהיים ברענגען פון דער מלחמה פיעלע שיטלען פון ״גע׳הרג׳עטע שונאים״.

(דיזע אינדיאנער זיינע אלע גע׳מל׳ט. ל. ר.).

איז דאס פינגער אבשניידען געוועזען בעקאנט די אידען?

אָט וואס עס ווערט דאריבער געזאגט אין ערשטען קאפיטעל פון שופטים. ‚וינס אדני בזק וירדפו אחריו ויאחזו אותו ויקצצו את בהנות ידיו ורגליו״. וועלכעס מיינט, אז ווען די אידען האבען אין א מלחמה בעזיעגט די כנענים און די פרזים איז אדני בזק אנטלאפען. האבען די אידען איהם נאכגעיאגט, געכאפט, און אבגעהאקט די גראבע פינגער פון זיינע הענד און פיס.

דארויף האט אדני בזק געזאגט:

״שבעים מלכים בהנות ידיהם ורגליהם מקצצים היו מלקטים תחת שלחני כאשר עשיתי כן שלם לי אלהים״. וועלכעס מיינט: זיעבציג קעניגע מיט אבגעהאקטע דוימענס פון זייערע הענד און זייערע פיס האבען אויפגעקליבען אונטער מיין טיש, אזוי ווי איך האב געטהאן אזוי האט גאט מיר בעצאהלט.

און דעם אויבען־געבראכטען איז צו זעהען אז ערשטענס איז דיזע פערשטימלונג א צייכען פון אונטערטעניגקייט.

צווייטענס, די מאַנאָטהעאיסטישע אידען און די געצענדיע־נערישע כנענים און פּרזים האָבען געהאַט דעמזועלביגען בלוטיגען מנהג מיט׳ן שייכות צו ערנידריגען דעם שונא.

און דריטענס, לויט דאָקטאָר פּרייזער, איז דיזער בלוטיגער מנהג ביי די אינדיאַנער געוואָרען אַ רעליגיעזער פּונקט ווי דער בלוטיגער מנהג פון מל זיין ביי אידען.

מיר ווילען איבערגעבען אין דיזען קאַפּיטעל אַ זעהר אינטע־רעסאַנטע מיינונג פון דאָקטאָר פּרייזער איבער אידישע דינים און מנהגים אין אַלגעמיין:

״אורטיילענדיג לויט די געזעצע פון דער תורה, זעהט אויס אַז די אַלטע סעמיטען זיינען דורכגעגאַנגען דורך אַ קורס פון מאַ־ראַלער ענטוויקלונג, עהנליך צו דעם וועלכען מיר קענען נאָך יעצט זעהען אין פּראָצעס פון ענטוויקלונג צווישען די עסקימאָסען פון באַפין־לאַנד (צוועלף גראַד פון נאָרד־פּאָל. ל. ר.).

״מאַנכע פון די אַלטע געזעצע פון ישראל זיינען ניט מעהר ווי דער ״טאַבו״ פון די ווילדע (טאַבו אַ הייליגע זאַך צו וועלכער מען טאָר זיך ניט צוריהרען) פון אַ גאַנץ בעקאַנטען סאָרט נור בע־האַלטען אונטער אַ צודעק פון אַ בעפעהל פון גאָט.

,׳דיזער צודעק איז מעהר פּאַלקאָמען אין פּאַלעסטינאַ איידער אין באַפין־לאַנד, אָבער אין עצם איז ער דערזעלבער.

ביי די עסקימאָסען איז עס דער ווילען פון ״סעדנאַ״ ביי די אידען, דער ווילען פון ״יהוה״.

״דאָס עהנליכקייט פון מאַנכע פון משה,ס געזעצע צו די מנהגים פון ווילדע האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אויף די אייראָפּעער וועלכע האָבען זיך גענוי בעקאַנט מיט די מנהגים פון די ווילדע״.

נאַטירליך איז דאָס מל זיין איינע פון דיזע מנהגים.

אויב דער לעזער האָט די מעגליכקייט צו לעזען דאָס ווערק פון דאָקטאָר פּרייזער, האָבען מיר ניט גענוג ווערטער עס צו רעקאָ־מענדירען.

דאָקטאָר פּרייזער איז געווען אַ פריינד פון דאָקטאָר סאָל. שעכטער, וועלכער איז דאָ ניט לאַנג געשטאָרבען.

אַלע וועלכע האָבען געקענט דאָקטאָר שעכטער ווייסען אַז

ער איז געווען ניט נור א גרויסער איד נור אויך א גרויסער מענש און אין זיין בוך "שטודיען איבער יודענטום" דערמאנט ער דר. פרייזער.

.34

## זבחי מתים.

עס גלויבט, דער וועלט צום שפאס
דער רעליגיעזער שמחה
אז נויטיג האט א גאט
א קרבן אויך פון טוידטע.

ל. ר.

צי מל זיין איז געזונד איז א פראגע פאר מעדיצינער, און זיי זיינען ניט איינשטימיג אין זייער ענטפער.

דאקטאר פריעדענוואלד איז א חוץ א מעדיצינער אויך א געבילדעטער איד און ער איז ניט זיכער אז מל זיין טהוט אויף פאר'ן אידען די אלע וואונדער מיט'ן שייכות צו געזונדהייט. וואס אנדערע מיט ווייניגער בילדונג פון איהם שרייבען צו אויפ'ן חשבון פון מל זיין.

ניט זייענדיג בעקאנט מיט מעדיצין, מעגען מיר אננעהמען מיט זיכערקייט אז שעדליך צום געזונד איז מל זיין ניט. ווייל ווען יא וואלטען עס אפריקאנער, אזיאטער, אמעריקאנער און אויס־טראלישע ווילדע און האלב־ווילדע שבטים שוין לאנג אויסגעפונען און עס אויפגעגעבען.

און כאטש, ווי אז אויטהאריטעט דריקט זיך אויס, ס'איז לייכטער צו צעהלען די שבטים וועלכע זיינען זיך ניט מל איידער די יעניגע וועלכע זיינען זיך יא מל, און כאטש זיי טהוען עס שוין פון "אייביגע יאהרען", דאך גיבען זיי עס ניט אויף, וועלכעס מיינט אז מל זיין איז זיכער ניט שעדליך.

פאר'ן אידען אבער איז עס שעדליך געווען אין אן אנדערער ריכטונג, כאטש היינט ניט מעהר.

אידען פלעגען אמאל געברויכען א רויטע, קלעפיגע פליסיג־קייט, בעקאנט אלס "דראגאן'ס בלוט". וועלכע קומט פון דער סארע פון געוויסע בוימער. כדי די וואונד פון שניט זאל שנעלער

היילען. און אונוויסענדע קריסטען פלעגען דערפאר זאגען אז אידען געברויכען בלוט פאר רעליגיעזע צוועקען.

און אין צייטען פון עלילת דם פלעגען זיך די פרומע נאכפאל־גער פון גאט פון ליעבע מיט דיזער געמיינהייט בענוצען און די פאלגען פאר די אידען זיינען געווען בלוטיגע.

מיר ווילען, איבריגענס, צוגעבען אז קיין בעסערע קמיע פאר׳ן געזונד ווי מל זיין איז גאר ניט בנמצא.

טהוט עס אבער דער איד ווייל ס׳איז געזונד?

דער בעסטער בעוויז אז ניט, צייגט דער פאקט אז דער איד איז מל זיין טוידטע קינד.

כדי צופריעדענצושטעלען דעם בעשאפער פון אלעם וואס לעבט גיט איהם דער איד א טוידטע שטיק פלייש פון א טויטען קינד!

דער רעליגיעזער שוטה זעהט ניט ווי ער בעליידיגט דערמיט זיין גאט, ווען דיזער זאל אפילו זיין אזוי בלוטיג ווי ער, אין זיין רעליגעזער דומהייט, דענקט פון איהם.

אויף דעם אויפרוף אין דער "פרייע ארבייטער שטימע" אונז אריינצושיקען פאקטען איבער דיזען ענין, זיינען אנגעקומען מאסען בריעף. מיר ווילען דא איבערגעבען בלויז איינעם, וועלכער צייגט קלאר ווי רעליגיאן מאכט דעם מענש צום נאר.

אט איז דער בריעף מיט די נעמען אויסגעלאזען:

"פריינד ל. ראזענצווייג:

איבערלעזענדיג אין דער "פ. א. ש." פון דעצ. 18טען, וואו איהר בעט אייך מיטצוטהיילען פאקטען וועגען מל זיין א טוידטע קינד, קען איך אייך מיטטהיילען פאלגענדעס:

"ביי דער פאמיליע "ק" איז מיט א צייט צוריק געבוירען געווארען א אינגעלע וועלכער האט געלעבט פיער טעג.

ווען דער שמש איז געקומען, איז זיין ערשטע פראגע געווען וואס איז דער נאמען פון קינד?

"ברוך", איז געווען דער ענטפער.

דאן האט דער שמש געגעבען צו פערשטעהן אז איידער מען וועט קענען דאס קינד בעגראבען מוז מען עס צוערשט "אידישען".

ניט ווארטענדיג אויף אן ענטפער האט ער דאס טוידטע קער־פערל אנגענומען מיט צוויי פינגער. און — — — — — — — — —

אזוי ווי מען האלט א הערינגביים קאפ און דאס איבעריגע הענגט ארונטער און דערביי געזאגט: ״ר׳ ברוך, מיר בעטען איהר זאלט אונז מוחל זיין, מיר וועלען טהאן אייער רעכט און מיר וועלען אייך בעגראבען ווי מען בעגראבט אלע עהרליכע אידען״.

״איך און אלע אנוועזענדע האבען ביי דיזע רייד אויסגעשא־סען מיט א געלעכטער, כאטש ס׳איז ניט געווען אם פלאץ. און ווער וואלט ניט געלאכט? א איד איבער פופציג יאהר אלט, מיט א געדיכטער גראהער בארד, רעדט צו א טויטען נפש׳על, גרויס ווי א לעפעל און טענה׳ט צו איהם: ״ר׳ ברוך״. נאך היינט ווען איך דערמאן זיך לאך איך.

און, איהר מעגט מיך האלטען פאר א נאר, איך פעראכטע דאס אידישקייט פון דעמאלט אן״.

מיר הלטען אונזער פריינד דעם בריעף שרייבער, ניט פאר קיין נאר. אינטערעסאנט וואלט אבער געווען, ווען ער זאל אונז ערקלערען מיט וויפיעל ס׳איז שעהנער צו שניידען דאס פלייש פון א לעבעדיג קינד?

אויב דער בעשעפער פון אלע וועלטען האט נויטיג דאס אב־געשניטענע פלייש פון א לעבעדיג קינד, איז אויך זעהר מעגליך אז ער נויטינט זיך אין אבגעשניטענעם שטיק פלייש פון א טוידטען קינד.

אין אינדיען, דערצעהלט פ. פינקאט, אין זיין פארטראג איבער דעם סינקהיסטישען גלויבען, האט אין פופצעהנטען יאהרהונדערט געלעבט א רעפארמער פון דער רעליגיאן פון די הינדוסער, מיט׳ן נאמען ״נאנאק רבינו״.

אט איז א קליינער טהייל פון זיין תורה:

״גאט איז איינער, אלעס איבריגע איז גארניט.

״אלע מענשען זיינען גלייך.

״דער מענש מוז געבען צדקה, מוז יעדען מוחל זיין, מוז פראק־טיצירען גוטעס. ער מוז רחמנות האבען אפילו אויפ׳ן קלענסטען בעשעפעניש. ער ״טאר קיין פלייש ניט עסען כדי ניט וועה צו טהאן אפילו דער בהמה״.*) און יהוה הייסט וועה טהאן א קינד.

---

*) זעה רעליגיאנס־סיסטעמען פון דער וועלט, זייטע 309.

דאקטאר האלט, פראפעסאר אין אונזער קאלומביא אוניווער־זיטעט איבער קינדער קראנקהייטען און קאלעדזש פון מעדיצין און כירורגיע, האט מיט א צייט צוריק אנגעשריבען א בוך וועגען דער פפלעגע פון קליינע קינדער, א בוך וועלכער קען ניט גענוג רעקאָמענדירט ווערען פאר יונגע מאמעס, א בוך וועלכען מען געפינט אין יעדער ביבליאטעק און וועלכער טאר ניט פעהלען אין קיין שום הויז וואו עס זיינען פאראן קינדער.

ריידענדיג איבער "בארען די קינדער", אויף זייטע זיעבצעהן, פרעגט פראפעסאר האלט פאלגענדע פראגע:

ווען איז ראטהזאם מל צו זיין א קינד?

און ער ענטפערט:

"ווען די ערלה איז זעהר לאנג און אזוי ענג אז זי קען ניט צוריקגעשיעבט ווערען אהן קראפט.

תמיד ווען דיזער צושטאנד איז בעגלייטעט פון לאקאלע אויפ־רעגונג אדער שווערינקייטען ביים וואסער".

דער לעזער וועט בעמערקען אז אפילו אין דיזע ניט גאנץ גע־וועהנליכע פעלע, זאגט ניט דאקטאר האלט אז מען מוז, ער זאגט בלויז "ס'איז ראטהזאם". *)

דאך ווילען אידישע היפאקריטען איינרעדען דעם אידען אז מל זיין היילט פון אלע קראנקהייטען.

וועהרענד דער רעליגיעזער איד איז ניט היפאקריטיש, איז ער אבער פאנאטיש בלינד, און שטעהט רעליגיעז אויף איין שטופע מיט'ן בעדואין פון די אפריקאנישע מדבריות.

דער פריהער דערמאנטער "נאנאק" איז אן אינדריאנער. ער בעפעהלט "אפילו דער בהמה זאלסטו קיין שמערץ ניט פערשא־פען!"

ער פרעדיגט "האב רחמנות אויפ'ן קלענסטען בעשעפעניט!"

און ביים פרומען אידען איז רעכט צו גלויבען אז דער וועל־טענשעפפער האט בעפוילען "המול לכם כל זכר!" שנייד אב א שטיק פלייש פון יעדען מענליכען קינד!

---

*) דאס אויפפאסען און נאהרונג פון קינדער, פון דר. עמעט האלט.

דער איד וועלכער איז בטבע מילד און מיטפיהלענד מיט יע־נעמס שמערצען גלויבט אונטערדעסען אז דער וואס האט דעם מענש בעשאפען האט בעפוילען "ועניתם את נפשתיכם". איז ניט נאנאק איידעלער פון יהוה?

.35

# גלויבען און אבערגלויבען.

קריסטוס דורך זיינע אמת'ן וואס
ער האט די וועלט געלערנט, איז
געקרייציגט געווארען.
דורך זיינע ליגען, לעבט ער אייביג.
ל. ר.

**איז דער איד רעליגיעז?**

**א מאדנע** פראגע, דאס וועלען פיעלע דענקען.

בעטראכט מען אבער דעם רעליגיעזען אידען פון היינט אין ליכט פון פערגאנגענע רעליגיאנען און היינט לעבענדע ווילדע שבטים און זייערע רעליגיעזע צערעמאניען, ווערט דיזע פראגע ניט נור בערעכטיגט, נור עס ווערט אויך בערעכטיגט דער ענטפער צו דיזער פראגע, נעמליך, ניין! דער איד איז ניט מעהר רעליגיעז ווי דער נאקעטער האטענטאט, זיין רעליגיאן שטעהט ניט העכער פון דעם פעטיטשיזם פון א שווארצען זולו. זיין גאט בעגריף— ניט איידעלער ווי די פארצייטיגע בבלים.

די אורזאך איז קלאר.

מענשען מיט פיער טויזענד יאהר צוריק, מיט א קליינער אויס־נאהם, האבען ניט געהאט און ניט געקענט האבען קיין איידעלען בעגריף פון גאט, און דער איד פון היינט, וועלכער האלט זיך אין א פערשימעלטער רעליגיאן פון יענער צייט, קען היינט ניט האבען קיין איידעלערען גאט ווי די מענשען פון יענע צייטען.

אויב מיר געפינען היינט דעם אידען גוט און איידעל איז עס צום טראץ פון זיין רעליגיאן.

דער איד פון היינט איז איידעלער פון זיין גאט, שעהנער פון זיינע אבות און נאציאנאלע העלדען. בעסער פון זיין רעליגיאן.

אין גלויבען אבער איז דער איד אבערגלויביש!

אז גלויבען האט אין זיך א מאראלע קראפט, וועט קיינער ניט לייקענען.

אבער די מאראלע קראפט וואס א געוויסע רעליגיאן איבט אויס אויף איהרע אנהענגער, איז ווירקזאם אין א בעשטימטע פעריאדע אין דעם לעבען פון דיזע אנהענגער, עס קומט אבער א צייט ווען די רעליגיאן האט אבגעטהאן איהר ארבייט, און ווערט איבערפליסיג, ווערט א שטערונג.

ווער עס וואוינט אין א וואלד אדער אין א פערוואָרפענער דארף, פאר דעם איז א ווילדער הונד א נויטיגע זאך, ער שיצט איהם פון אלדאס בייז.

ווען אבער איינער וואוינט אין א גרויסע שטאדט, צי האט ער דעם ווילדען הונד נויטיג?

אלע אלטע רעליגיאנען זיינען ווי ווילדע הינט אמאל נויטיג געוועז, אבער שעדליך היינט.

אויב רעליגיאן, ווי מאנכע גלויבען, ערעלט אויס דעם מענש, איז דער רעליגיעזער מענש נאך ניט קיין אויסגעערעלטער, ווייל ווען יא, וואלט ער זיך שוין אין רעליגיאן ניט גענויטיגט.

דער איד איז ניט געוועזן רעליגיעז אין ארץ ישראל, ער איז עס נאך ווייניגער אין גלות.

מאנכע פון די אידישע נביאים זיינען געוועזן בעזעעלט מיט דעם גייסט פון אמת'ער רעליגיאן.

און טאקע יענע זיינען עס געוועזן די ערשטע צו פערדאמען דעם אידען'ס אבערגלויבען.

וואס מיינען דעם נביא'ס פייערדיגע ווערטער "למה לי רב זבחיכם יאמר יהוה?"

ישעיה פערדאמט מיט צארנדיגע ווערטער דעם העסליכען אבערגלויבען פון קרבנות!

ניט נור קרבנות, נאך וועלכע דער מאדערנער איד בענקט אזוי אנשטאט זיך דערמיט צו שעמען, נור יעדע רעליגיעזע צערע־מאניע דעם אידען'ס איז א העסליך שטיק אבערגלויבען און פער־דיענט ניט רעספעקטירט צו ווערען.

איז דאך דעם אידעו׳ם דאוונעו אפילו אז אקט פון חעסליכעו נעצעגדיעגסט !

ווען דער ווילדער בעט צו זיין נעצקע, לויבט ער איהם אזוי איבערטריבען אז יעדער לויב ווערט א ליגען.

און פון וואס בעשטעהט דעם אידען׳ס דאוונען ? עס בע־שטעהט פון איבערטריבענעם לויב, און גאנץ געמיינע ליגען.

זעהט דער איד די נארישע איבערטרייבונג פון ״ארון עולם אשר מלך בטרם כל יציר נברא״?

נאך איידער עפעס איז בעשאפען געווארען, איבער וועמען האט ער געקעניגט ?

הערט דעם העסליכען ליגען ״יתן לרשע רע כרשעתו!״

הערט ! ״ברוך אתה יהוה אלהינו מלך העולם אוזר ישראל בגבורה״. ווי קען מען זיין אזוי ליגנעריש ! און נאך יעצט, ווען אידישע בלוט ווערט אזוי מערדעריש פערגאסען פון די בלוטיג־שמו־ציגע הענד פון א משוגע׳נעם הונד אין געשטאלט פון בלוטיגען צאר, ימח שמו וזכרו !

ס׳איז דאך ליגען, מיט וועלכער גבורה העלפט ער עס דעם אידען ?

שעהמט זיך דער איד נארניט ווען ער זאגט אזא ליגען ווי ״הזן את העולם כלו בטובו בחן בחסד וברחמים הוא נותן לחם לכל בשר כי לעולם חסדו״. ניט גאט יעדען בעשעפענים זיין ברויט ? קען דאס זאגען אן אויסגעערעלטער מענש ?

ווי סיקאפאנטיש נידריג איז די בעהויפטונג ״ברוך מרחם על הארץ, ברוך מרחם על הבריות ?״

וויפיעל שמייכלעריי נידריגע ליגט אין ״אשרי העם שיהוה אלהיו״. עס לאכט דאך דרפון יעדער בלוטיגער קאזאק !

וויפיעל ליגען, פאלשקייט, הייכעליי, שמייכעליי און שקלא־ווישע ערנידריגונג געפינען זיך אין דיזע עטליכע ווערטער ״עזרת אבותינו אתה הוא מעולם מגן ומושיע להם ולבניהם אחריהם בכל דור ודור״.

אין זיין רעליגיעזע דומהייט בעליידיגט דער איד זיין גאט און ווייסט עס ניט.

הייסט עס ניט בעליידיגען דעם וועלטענשעפפער ווען אין זעלבינגען דאוונען שרייט דער איד ערשט, "אמת אתה הוא ראשון ואתה הוא אחרון ומבלעדיך אין אלהים" און טאקע באלד שרייט ער ווייטער "מי כמוך באלים יהוה?"

וואס איז דאס מחדש זיין די לבנה, אויב ניט א שטיק נעצענ־דיגענסט פון נידרינסטען סארט?

ווייסט דער גלויבינער איד אז ווען ער רעדט צו דער לבנה און זאגט צו איהר "אלמלי לא זכו ישראל אלא להקביל פני אביהם שבשמים פעם אחת בחודש", שטעלט ער זיך אויף איין שטופע מיט די ווילדע דערווישען פון די אפריקאנישע מדבריות?

וועלכער איד מיט שכל, וועלטליכען שכל, ווערט ניט רויט ווען ער זעהט א בינטעל ציוויליזירטע מענשען אין א ציוויליזירטער שטאדט געהט צו א טייך אוןווארפט דארט אריין די עבירות וועלכע זיינען בעגאנגען געווארען א גאנץ יאהר?

ווער קען אנרופען אז אבערגלויבען נידריגער פון תשליך?

דאס איז ניט נור אבערגלויבען, דאס איז שענדליכע אונ־מאראליטעט.

וואס איז דעם אידען'ס טלית, אויב ניט די ווייסע אראבישע דעק וועלכע דיענט דעם דערוויש אלס מלבוש און איז צונעפאסט פאר אזעלכע נאמאדען פון די הייסע זאמדיגע מדבריות?

וואס זיינען די תפילין, אויב ניט אן איבערבלייבעכטס פון טעטאווירטען שקלאף?

אז דער איד ווערט ניט רויט בשעת ער זאגט צום וועלטענ־שעפפער "שתעלנו בשמחה לארצנו ותטענו בגבולנו, ושם נעשה לפניך את קרבנות חובותינו". איז עס זיין אומגליק, ווייל דער־מיט ערנידריגט ער זיך צום העסליכסטען געצענדיענער.

ווען דער איד דערמאנט די עקדה ערנידריגט ער זיך צום בלוטיגסטען קאניבאל.

וואס איז שופר בלאזען, אויב ניט א בעליידיגונג פאר גאט און מענש?

וואס טראכט דער איד בשעת ער שלאגט כפרות? ווייסט ער אז אפריקאנער זולוס שעהמען זיך שוין דערמיט?

וואס איז כורעים פאלען, אויב ניט פרימיטיווער געצענדריענסטט?
מאכט ניט די צערעמאניע פון מלקות שלאגען חוזק פון אי־דישען גאט?
וואס איז דאס שפרינגען קדוש, אויב ניט אן אלטע איבער־בלייבעכטס פון דעם אינדיאנישען רעליגיעזען טאנץ?
וואס איז דעם אידען׳ס ״אויסנעהען״ שמונה־עשרה, אויב ניט אן אלטע, אזיאטישע צערעמאניע ביים אוועקגעהען פון אן אזיא־טישען שקלאף פון זיין אזיאטישען דערפאטישען הארר?
ווי העסליך און געצענדריענעריש איז דעם אידען׳ס שפיי ביי ״עלינו״?
וואס איז דאס ארומגעהן אין די זאקען יום־כפור, אויב ניט דער צייכען פון אזיאטישער אונטערטעניגקייט?
וואס איז דעם אידען׳ס פאסטען, אויב ניט אן אונזיניג שטיק געצענדריענסט פון שווארצעסטען סארט?
ווען דער ווילדער אויסטראליער האט געגוג צום עסען, שטעקט ער איין א בלוטיג שטיק פלייש זיין געצקע אין מויל אריין. אמאל שטעקט ער זיין געצקע אין מויל אריין דאס נאך ווארימע, אויסגעריסענע הארץ פון זיין איינציג קינד. ווען אבער קיין חיות האט ער ניט געכאפט, קיין קינד האט ער אויך ניט, פאסט ער, כדי זיין געצקע זאל זעהען אז ער אליין האט אויך ניט צום עסען און דערפאר קען ער זיין געצקע נארגיט געבען.
און דער מאדערנער איד מיט זיין פאסטען דריקט אויס צום בעשעפער פון אלע וועלטען דעמזעלבען בלוטיגען געדאנק!
וואס איז דעם אידען׳ס וויינען אין די ימים־נוראים און טאנ־צען אין שמחת־תורה, אויב ניט פרימיטיווער, נארישער געצענ־דריענסטט?
זיינען דאך אלע זיינע ימים־טובים געצענדריענערישע! פאלען זיי ניט אלע נאהענט פון די תקופת?
וואס איז מל זיין, אויב ניט א פערלאנג פון א קאפריזנעם, קאניבאלישען גאט?
צואוואס קען דער בעשעפער פון אלע וועלטען זיך נויטיגען אין דעם בלוט און שמערץ פון אן עופה׳לע?

אויב א גאט מיט פיער טויזענד יאהר צוריק האט דיזע בלו־טיגע טהאט ווירקליך פערלאנגט, איז עס רעכט, איז עס שכל'דיג, פון א מאדערנעם אידען מיט פיער טויזענד יאהר שפעטער איהם צו פאלגען?

קען דער, אבער, וועלכער האט בעשאפען די זון, זיין אזו בלוטיג קלייגלאך און פערלאנגען א שטיק פלייש פון א לעבעדיג קינד?

צי קען א איד ניט זיין א גוטער מענש, אויב ער איז ניט גע־מל'ט?

זיינען אלע ניט גע'מל'טע שלעכטע מענשען?

וואס ניט דאס גע'מל'ט זיין דעם אידען וואס דער ניט גע־מל'טער האט ניט?

וואלט דיזעס אריסאקראטישעס פאלק געווען וועניגער איידעל וועניגער גוט, ווען עס שאפט אב דיזען בלוטיגען מנהג?

(ע נ ד ע)



